יעקב לעווין

# קען אידיש

## לערנבוך צו העלפן די קינדער אויסלערנען זיך ריכטיק שרייבן און רעדן אידיש

## ערשטער טייל

ניו־יאָרק, 1933
פאַרלאַג „אידישע שול"

הויפּט־פאַרקויף ביי
היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני
632 בראָדוויי, ניו־יאָרק.

# אינהאַלט:

זייט:

# אינהאַלט

זייט:

# פֿאָרוואָרט

דאָס ביכל — „קען אידיש“ — ערשטער טייל, וואָס ווערט דאָ צוגעטראָגן די לערער און די קינדער פֿון די אידישע שולן דאַרף אויספֿילן אַ ליידיקן פּלאַץ אין דער לערן־ליטעראַטור ביי אונז אין אַמעריקע.

די קינדער אונזערע האָבן ביז איצט געהאַט אַ גרעסערע צאָל לייענביכער פֿאַר אַלע קלאַסן פֿון דער שול — פֿאַר די אינגערע און פֿאַר די עלטערע: זיי האָבן אָבער ניט געהאַט קיין איין בוך, וואָס זאָל זיי העלפֿן אויסלערנען זיך ריכטיק *שרייבן* און *רעדן* אידיש. ווער ווייס, צו איז דאָס ניט איינע פֿון די הויפּט־אורזאַכן, וואָס דאָס דורכשניט־קינד, וואָס פֿאַרענדיקט אַן עלעמענטאַרע אידישע שול, הינקט אַזוי שטאַרק אונטער סיי אין שרייבן אידיש, סיי אין רעדן.

„קען אידיש“ דאַרף דינען דעם לערער אַלס *סיסטעמאַטיש* הילף־מיטל צו איבן די קינדער אין אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום אַנטוויקלען זייערע קענטענישן אין אויסדריקן זיך ריכטיק אין אידיש — סיי מינדלאַך סיי שריפֿטלאַך — און העלפֿן זיי ערווערבן זיך אַ רייכערע און מיט דער צייט אויך אַ בילדלאַכערע שפּראַך. און פֿאַר די קינדער דאַרף דאָס זיין אַ וועגפֿירער טראָט נאָך טראָט: פֿון לייכטערן צו שווערערן, פֿון איינפֿאַכערן צום קאָמפּליצירטערן — דורכצוגיין אַלע וויכטיקערע פּונקטן און אייגנשאַפֿטן פֿון דער אידישער שפּראַך און איינגעוואוינען זיך אין זיי אַזוי, אַז זי זאָל ווערן זייער אייגנס, אַן אומאָפּרייסבאַרער טייל פֿון זיי.

דאָ איז דערווייל בלויז דער ערשטער טייל — פֿאַר קינדער, וואָס האָבן זיך ערשט אויסגעלערנט לייענען, לאָמיר זאָגן פֿאַר קינדער פֿון *צווייטן האַלב יאָר* אָדער פֿון *ערשטער העלפֿט* פֿון *צווייטן יאָר* לערנען. אין דעם ביכל זיינען פֿאַראַן איבונגען אָרטאָגראַפֿישע, עטימאָלאָגישע און סינטאַקסישע; די אַרבעט בכלל אָבער דרייט זיך אַרום מינדלאַכער און שריפֿטלאַכער קאָמפּאָזיציע. און די לערער ווערט רעקאָמענדירט ניט דורכצולאָזן דעם אָדער יענעם עלעמענט פֿון די איבונגען, סיידן זיי האָבן באַמערקט, אַז די קינדער זיינען מיט אָט דעם עלעמענט שוין זייער גוט באַקאַנט.

די ענטפּערס פון די קינדער קאָנען טיילווייז געגעבן ווערן אינ'ם ביכל גופא, כדי איינצושפּאָרן די קינדער אַרבעט. ווינשנסווערט איז אָבער, די קינדער זאָלן שרייבן מיט בלייפעדער, כדי מ'זאָל דאָס קאָנען פאַרריכטן. אַבער אַ גרויסער טייל פון די איבונגען (און ווען לערער ווילן האָבן דאָס ביכל ריין, אויך אַלע איבונגען) דאַרפן געמאַכט ווערן אין אַ העפט.

די לערער דאַרפן שטאַרק אַכטונג געבן גלייך אין אָנהייב אויף דער ריינקייט און שיינקייט פון דעם קינדס שרייבן. אין דעם ביכל ווערט איבער יעדער לעקציע געגעבן דער געשריבענער אלף־בית אין זיין סטאַנדאַרט־פאָרם; און די קינדער ווערן געבעטן צו שרייבן די אותיות אַזוי ווי אין ביכל. ווען מ'זאָל די קינדער צוגעוואוינען דערצו פון אָנהייב אָן, וועט דאָס פאַר זיי ניט זיין קיין שוועריקייט. אויב מעגלאַך, זאָל דער לערער אַליין אויך צוגעוואוינען זיך צו שרייבן אויפ'ן ברעט און ביים פאַרריכטן די קינדערשע אַרבעט מיט די סטאַנדאַרט־אותיות, וואָס ווערן געגעבן אין ביכל.

אין ביכל איז אין אַ פּאָר ערטער אָנגעוויזן, ווי אַזוי לייכטער אויסצו־לערנען מיט דעם קלאַס אויף אויסווייניק אַ ליד. אָבער די לערער קאָנען לאָזן די קינדער אויף דעם אופן אויסלערנען אויך אַנדערע לידער. און ווען אַ קינד קאָן דאָס ליד אויף אויסווייניק, בעטן עס איבערצושרייבן דאָס ליד אין העפט ניט קוקנדיק אין בוך און דערנאָך אַליין פאַרריכטן עס, פאַר־גלייכנדיק דאָס מיט'ן בוך.

עס ווערט רעקאָמענדירט די לערער אָפּצושטעלן זיך אַזוי פיל וויפיל מעגלאַך אויף די מינדלאַכע שמועסן. מ'מוז דערביי ניט באַגנוגענען זיך בלויז מיט די פראַגן, וועלכע ווערן געגעבן אין בוך. דער לערער קאָן צוגעבן אַנדערע פראַגן און אַפילו אַנדערע טעמעס.

עס איז זייער ווינשנסווערט אויסצונוצן די שפּילן אין ווערטער, וואָס ווערן געגעבן אין ביכל. דערביי אָבער מוז דער לערער זיך ניט האַלטן דווקא אָן די פאָרמען, וואָס ווערן דאָרט געגעבן: ער קאָן צוטראַכטן אַנדערע און אויסנוצן זיי פאַר יעדער וויכטיקער איבונג.

אינ'ם ביכל ווערט געבעטן כמעט ביי יעדער לעקציע, די קינדער זאָלן עפּעס אויסמאָלן. דאָס קינדערשע מאָלן אַלס אילוסטראַציע צום איבער־געלייענטן, אָדער אין אַ וועלכער עס איז פאַרבינדונג מיט'ן איבערגעלייענטן, קאָן זייער פיל העלפן צו פאַראינטערעסירן דאָס קינד אין אַרבעט און צו אַנטוויקלען זיין פאַנטאַזיע און זיין שאַפונגס־פייאיקייט. זאָל דער לערער דאָס ניט פאַרנאַכלעסיקן. דערביי איז ניט נייטיק צו פאָדערן ביים קינד

רעאַליסטישע פּינקטלאַכע צייכענונגען. אויב נאָר די צייכענונגען רופן אַרויס ביים צוקוקער אַן אַנונג פון דעם, וואָס דאָס קינד האָט געוואָלט אָנמאָלן, איז גענוג, באַזונדערש די ערשטע צייט. זאָל נאָר דער לערער זען, אַז די קינדער זאָלן ניט גלאַט אַזוי שמירן, און זאָל ער פון צייט צו צייט פאַר־ריכטן די צייכענונגען, אויב נייטיק, און דערמיט העלפן די קינדער צו ווערן אַלץ פּינקטלאַכער אין זייערע ליניעס, קאָנטורן און קאָמפּאָזיציע. אויב אָבער די אַדער יענע לערער באַמערקן, אַז צוליב זייערע שוואַכע קענטעניש אין מאָלן קאָנען זיי ניט אויסנוצן דאָס מאָלן פון די קינדער צו אַנטוויקלען דאָס געפיל פון שיינקייט זייערס און זייערע פייאיקייטן אויסצודריקן זיך אין שטריכן און קאָלירן, קאָנען זיי אָט דעם טייל פון דער אַרבעט דורכלאָזן.

צווישן די ווערטער, וואָס עס ווערט פון די קינדער געבעטן צו געבן צו זיי סינאָנימען, זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זיינען פאַר די קינדער צו שווער. דאָס ווערט אָבער געטאָן מיט דעם מיין, אַז די לערער זאָלן די קינדער אין דעם אַרויסהעלפן; ווייל עס איז ווינשנסווערט, די קינדער זאָלן פאַרשטיין אַלע ווערטער, וואָס גייען אַריין אינ׳ם מעשה׳לע.

אינ׳ם ביכל זיינען פאַראַן 21 לעקציעס — דורכשניטלאַך צו איין לעקציע אַ וואָך. מיט גרעסערע קינדער איז פּילייכט מעגלאַך דורכצוגיין עס אַ ביסל שנעלער; אָבער דאָך איז ווינשנסווערט, מ׳זאָל ניט צו שנעל לויפן, נאָר לאָזן די קינדער איבערנעמען אָט די ערשטע גרונט־עלעמענטן פון אידישן אויסלייגן און פון אידישער עטימאָלאָגיע אַזוי גרינטלאַך ווי מעגלאַך.

איך וויל בעטן די לערער, וואָס וועלן זיך באַנוצן מיט דעם בוך, זיי זאָלן מיר אָנווייזן אויף די שוועריקייטן, וואָס זיי באַגעגענען אין אים און בכלל אויף די פעלערן זיינע; און זאָלן זיי דאָ אין פאָרויס באַקומען דער־פאַר מיין האַרציקן דאַנק.

יעקב לעווין

ניו־יאָרק, מאַרט, 1933.

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

קוק זיך צו צו די בוכשטאַבן און זע מאַך אויך אַזעלכע. אין די ווערטער שרײַב די בוכשטאַבן נאָענט איינעם צום אַנדערן. די ווער־טער אָבער רוק אָפּ איינס פֿונ׳ם אַנדערן, דו זאָלסט קאָנען אַוועקשטעלן צווישן יעדע צוויי ווערטער כאָטש צוויי בוכשטאַבן. שרײַב די בוכשטאַבן גלײַכע און אין שורה.

# לעקציע 1

די קינדערלאַך זיצן,
די אייגעלאַך בליצן;
זיי קלעפּן און שניצן,
זיי שטריקן און העפטן,
זיי מאָלן און פלעכטן,
זיי שנײַדן און נייען —
דאָס האַרץ טוט זיך פרייען.

(י. ל. פּרץ)

1. לייען איבער דאָס לידעלע שטילערהייט.

2. געדענק: „בליצן“ מיינט — שײַנען. „קלעפּן“ מיינט — אויסאַרבעטן זאַכן פון לײם. „שניצן“ מיינט — אויסשנײַדן זאַכן פון

האַלץ. „שטריקן" מיינט — וועבן מיט נאָדלען אָדער שפּיזלען. „העפטן" מיינט — אויסנייען.

3. ענטפער מינדלאַך: וואָס טוען די קינדערלאַך?

4. שרייַב אָן דעם ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס טוען די קינדערלאַך?

5. שרייַב איבער דאָס גאַנצע לידעלע אין העפט. שטרייַך אונטער אין העפט די אַלע ווערטער, וואָס ענדיקן זיך מיט „ך" אָדער „ן".

6. געדענק: „ך" און „ן" שרייַבט מען בלויז אין ענדע וואָרט אָנשטאָט „כ" און „נ".

7. מאַך פאָלגנדע איבונג:

אײן אײגעלע — צוויי אײגעלאַך.
אײן פייגעלע — צוויי ..............
אײן מיידעלע — צוויי ..............
אײן אינגעלע — צוויי ..............
אײן ביכעלע — צוויי ..............

8. מאַך פאָלגענדע איבונג:

דאָס קינד זיצט — די קינדער זיצן.
דאָס קינד קלעפּט — די קינדער ........
דאָס קינד שניצט — די קינדער ........
דאָס קינד מאָלט — די קינדער ........
דאָס קינד פלעכט — די קינדער ........

9. לייענט איבער דאָס לידעלע, וואָס אונטן, איינמאָל שטיל און איינמאָל הויך, פאַר'ן קלאַס. דערנאָך שרייב דאָס איבער און שטעל אַריין דעם פּאַסיקן בוכשטאַב אויפ'ן אָרט פון יעדן פּאַסיקל:

שיקט דער האַר אַ פּויערל אי— וואַלד,
ער זאָל דאָרט באַרעלאַ— רייַס—.
פּויערל וויל ניט באַרעלאַ— רייַס—,
באַרעלאַ— וויל— ניט פאַל—,
באַרעלאַ— וויל— ניט פאַל—.

(פאָלקס-ליד)

10. מאָל אָן אַ קינד (אָדער קינדערלאַך) ביי דער אַרבעט.

א אַ אָ ב ג ד ה ו װ ױ ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 2

שלאָף, שלאָף, שלאָף!
דער טאַטע וועט קומען פֿון שאָפּ,
וועט ער ברענגען אַן עפּעלע,
וועט זײַן אַ געזונט אין קעפּעלע.
וועט ער ברענגען אַ ניסעלע,
וועט זײַן אַ געזונט אין פיסעלע.

(לויט פאָלקס־ליד)

1. לייען דורך דאָס לידעלע שטילערהייט.

2. ענטפער מינדלאַך:

1) פון וואַנען וועט קומען דער טאַטע?
2) וואָס וועט ער ברענגען?

3. שרײַב אַרײַן אָט די ענטפערס אין העפט.

4. אַזוי ווי „עפּעלע" מיט „קעפּעלע" און „ניסעלע" מיט „פיסעלע", גיב אויך ווערטער, וואָס זאָלן גראַמען מיט: הענטעלע, נעזעלע, אייגעלע.

5. שרײַב איבער דאָס גאַנצע לידעלע אין העפט און שטרײַך אונטער די אַלע ווערטער, וואָס ענדיקן זיך מיט „ף“ אָדער „ן“.

6. גענדענק: „ף“ שרײַבט מען בלויז אין ענדע וואָרט אַנשטאָט „פֿ“.

7. מאַך פאָלגנדע איבונג:

אײן עפּעלע — צװײ עפּעלאַך
אײן קעפּעלע — צװײ ............
אײן ניסעלע — צװײ ............
אײן פּיסעלע — צװײ ............
אײן נעזעלע — צװײ ............
אײן הענטעלע — צװײ ............
אײן ענטעלע — צװײ ............
אײן העזעלע — צװײ ............

8. מאַך פאָלגנדע איבונג:

שלאָפן — איך שלאָף — לאַכן — איך ........
רופן — איך ........ — זוכן — איך ........
לויפן — איך ........ — לײענען — איך ........
געפינען — איך ........

9. מאַך פאָלגנדע איבונג:

צװײ שיפן — אײן שיף — צװײ װאָכן — אײן ......
צװײ שלײפן — אײן ...... — צװײ בלעכן — אײן ......
צװײ רײפן — אײן ...... — צװײ פּאַנען — אײן ......

10. מאָל אָן די זאַכן, וואָס דער טאַטע וועט ברענגען.

11. לייען איבער דאָס לידעלע, וואָס אונטען, איינמאָל שטילערהייט און איינמאָל הויך, פאַר'ן קלאַס. דערנאָך שרייב דאָס איבער און שטעל אַריין דעם פאַסיקן בוכשטאַב אויפ'ן אָרט פון יעדן פּאַסיקל:

שטייט אי— פעלד אַ ביימעלע,
האָט עס גרינע צווייגעלאַ—.
זיצט דערוי— אַ פייגעלע,
מאַכט עס צו די אייגעלאַ—.
אוי— די גרינע צווייגעלאַ—
וואַקסט אַ גאָלד— עפּעלע.
מאַ— צו, מיי— קינד, די אייגעלאַ—,
אַ בענשונג אוי— דיי— קעפּעלע.

(י. ל. פּרץ)

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו ױ ז ח ט י כ ך

ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 3

## די קלעזמער.

מיט דעם סמיטשיק אויף דעם באַס
שפּילט אַ בער אין מיטן גאַס.
בו־בו־בו! בו־בו־בו!
מיט די טאַצן קלינגט אַ קאַץ,
פרײלאַך רײַבט זי טאַץ אָן טאַץ:
צים־צים צאַם! צים־צים צאַם!

(א. שטײנבאַרג)

1. לײען איבער דאָס לידעלע שטילערהײט.

2. ענטפער מינדלאַך:

1) וואו שפּילט דער בער?
2) אויף וואָס שפּילט דער בער?
3) מיט וואָס קלינגט די קאַץ?

3. שרײַב אַרײַן אָט די ענטפערס אין העפט.

4) שרײַב איבער די אַלע ווערטער פונ'ם ליד, וואָס ענדיקן זיך אויף „ם" אָדער „ץ"; אויך די ווערטער, וואָס ענדיקן זיך אויף „ך", „ן" אָדער „ף".

5. גערענק: „ם" און „ץ" שרײַבט מען בלויז אין ענדע וואָרט אָנשטאָט „מ" און „צ".

6. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | |
|---|---|
| צוויי טאַצן — | איין טאַץ |
| צוויי בליצן — | איין ...... |
| צוויי קאַמען — | איין ...... |
| צוויי בלומען — | איין ...... |
| צוויי פאָנען — | איין ...... |
| צוויי קאַנען — | איין ...... |
| צוויי רײַפן — | איין ...... |
| צוויי זאַכן — | איין ...... |

7. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | | |
|---|---|---|---|
| זיצן — | איך זיץ | פײַפן — | איך ...... |
| קריצן — | איך ...... | קויפן — | איך ...... |
| שווימען — | איך ...... | ברעכן — | איך ...... |
| נעמען — | איך ...... | מאַכן — | איך ...... |

8. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | |
|---|---|
| די גאַס — | די גאַסן |
| דער באַס — | די ...... |
| דער טאַץ — | די ...... |
| דער בער — | די ...... |
| דאָס אויג — | די ...... |
| דאָס אויער — | די ...... |

9. מאָל אָן די קלעזמער, אָדער זייערע שפּיל־אינסטרומענטן.

10. לייען איבער דאָס לידעלע, וואָס אונטען, איינמאָל שטילער־הייט און איינמאָל הויך, פאַר'ן קלאַס. דערנאָך שרייב דאָס איבער און שטעל אַריין דעם פאַסיקן בוכשטאַב אויפ'ן אָרט פון יעדן פאַסיקל:

גוט מאָרג—, אינגעלאַ—,
מיט לאָק— רינגעלאַ—,
מיט זיסע זילבער־קעלכעלאַ—, ווי גלעקלאַ—.
גוט מאָרג—, מיידעלאַ— ,
אי— וויַיסע קליידעלאַ—,
מיט פרישע, וויַיכע, רויט צעפלאַמטע בעקלאַ—!

(י. גויכבערג)

11. <u>געדענק</u>: די בוכשטאַבן: ך, ם, ן, ף, און ץ הייסן שלוס־בוכשטאַבן, אָדער ענדע־בוכשטאַבן.

א אַ אָ ב ג ד ה ו וו ז ח ט י כ ך

ל מ ם נ ן ס ע פּ פ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 4

## דער ערשטער שניי.

אויף די פעלדער איז עמיץ
אַ ווייסער געפלויגן.
ער האָט אַלע טייכלאַך
מיט זילבער באַצויגן.
ער האָט אויף די לאָנקעס
זיין מאַנטל פאַרלוירן.
די וועלט איז פון דעמאָלט
אַ ווייסע געוואָרן.

(ז. סעגאַלאָוויטש)

1. לייען דורך דאָס ליד שטילערהייט. שטרייך אונטער די ווערטער, וואָס דו פאַרשטייסט ניט.

2. שרייב אַראָפּ די ווערטער, וואָס דו פאַרשטייסט ניט, אין דיין העפט — איינס אונטער'ן אַנדערן. דער קלאַס אָדער דער לערער וועט זיי דערקלערן, און דו שרייב אַראָפּ די דערקלער־ווערטער ביי יעדן וואָרט אַזוי: עמיץ — איינער.

3. ענטפער מינדלאַך אויף פאָלגנדע פראַגן:

1). ווער איז געפלויגן אויף די פעלדער?
2. מיט וואָס האָט ער באַצויגן די טײַכלאַך?
3) וואָס האָט ער פאַרלאָרן?
4) אַ וועלכע איז די וועלט געוואָרן?
5) ווער איז דאָס דער „עמיץ“, וואָס איז געפלויגן?

4. לייענען איבער דעם ערשטן פערז (די ערשטע 4 שורות). לייענען הויך, עס זאָלן דיך הערן די קינדער אין דער לעצטער ריי בענק. לאָז אַן אַנדער קינד איבערלייענען דעם צווייטן פערז. לאָזן אַלע קינדער צוזאַמען איבערלייענען שטילער דעם ערשטן פערז. זאָלן זיי איבערזאָגן דעם פערז פאַר זיך איין מאָל און נאָך אַ מאָל. לאָזן אַלע קינדער צוזאַמען איבערלייענען שטילער דעם צווייטן פערז. זאָלן זיי איבערזאָגן דעם פערז פאַר זיך איין מאָל און נאָך אַמאָל. זאָלן זיי איבערזאָגן פאַר זיך דאָס גאַנצע ליד איין מאָל און נאָך אַמאָל.

5. זאָלן די קינדער פאַרמאַכן די ביכלאַך, און זאָלן זיי צוזאַמען זאָגן דאָס ליד אויף אויסווייניק. זאָל דער לערער פאַרלייענען דאָס ליד פאַר די קינדער מיט דעם נייטיקן אויסדרוק און בעטן וועמען עס איז פון די קינדער זאָגן אַליין דאָס ליד אויף אויסווייניק. נאָכדעם נאָך איינעם און נאָכדעם נאָך איייניקע.

6. שרייב אַראָפּ אין העפט די ענטפערס אויף די פראַגן פון פאַראַגראַף 3.

7. שרייב אַראָפּ אין העפט אַלע ווערטער פונ׳ם ליד, וואָס ענדיקן זיך מיט ך, ם, ן, ף, אָדער ץ.

8. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | | |
|---|---|---|---|
| לאַכן | — | איך לאַך, | ער לאַכט. |
| שווימען | — | איך ......, | ער ...... . |
| לייענען | — | איך ......, | ער ...... . |
| רופן | — | איך ......, | ער ...... . |
| שוויצן | — | איך ......, | ער ...... . |

9. לייען נאָכאַמאָל איבער דאָס ליד „דער ערשטער שניי". זאָג עס איבער פאַר זיך אויף אויסווייניק. דאַן פאַרמאַך דאָס ביכל און שרײַב איבער דאָס ליד אויף אויסווייניק אין העפט אַרײַן.

10. פאַרגלײַך דאָס, וואָס דו האָסט אָנגעשריבן אין העפט, מיט'ן בוך. פאַרריכט די פעלערן, אויב אַזעלכע זײַנען פאַראַן.

11. שרײַב איבער ריכטיק די שלעכט-אָנגעשריבענע ווערטער און פאַרגלעדעווק זיי.

12. מאָל אַן אַ הויז מיט אַ דאַך, צוגעדעקט מיט שניי, אָדער אַ בוים באַדעקט מיט שניי.

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 5

## פּאַפּאַ.

פּרי, פּרי שטייט פּאַפּאַ אויף און גייט אַוועק אין שאַפּ אויף אַ גאַנצן טאָג. די מאַשינעס אין שאַפּ קלאַפּן: קליפּ־קליפּ־קלאַפּ. די נאָדלען שפּרינגען; דער קאָפּ ווערט פול מיט טומל, און אין האַרצן איז פּוסט. עס ווילט זיך וואָס שנעלער אָפּאַרבעטן זיך און אַוועקגיין פון שאַפּ אַהיים.

אין אָוונט קומט פּאַפּאַ פון שאַפּ. ער איז מיד. ער וואַשט זיך אַרום, רוט אָפּ אַביסל, עסט אָפּ אָוונטברויט און גייט אַראָפּ אין גאַס. ער שפּאַצירט אַ ווײַלע אין פּאַרק, כאַפּט אַ ביסל פרישע לופט. דערנאָך קומט ער אַהיים און לייגט זיך שלאָפן.

אַמאָל גייט פּאַפּאַ אויף אַ מיטינג אין אָוונט, און אַמאָל פאַרבלײַבט ער אין דערהיים און שפּילט זיך אַ ביסל מיט אונז.

1. לייען איבער די זאַך שטילערהייט.

2. ענטפער שריפטלאַך:

1) ווען שטייט פּאַפּאַ אויף צו דער אַרבעט?
2) וואָס טוט פּאַפּאַ אַ גאַנצן טאָג?
3) ווי פילט זיך פּאַפּאַ אין שאָפּ?
4) ווי פילט זיך פּאַפּאַ, ווען ער קומט פון שאָפּ?
5) וואָס טוט פּאַפּאַ, ווען ער קומט פון שאָפּ?

3. שרייַב איבער פון דער זאַך די אַלע ווערטער, וואָס האָבן אַ „פּ" אין מיטן אָדער אין ענדע וואָרט.

4. שרייַב אויס פון דער זאַך די אַלע ווערטער, וואָס ענדיקן זיך אויף שלוס-בוכשטאַבן: ך, ם, ן, ף אָדער ץ.

5. מאַך פאָלגנדע איבונג:

איין קלאַפּ — צוויי קלעפּ
איין טאָפּ — צוויי ........
איין קאָפּ — צוויי ........
איין קנאָפּ — צוויי ........
איין צאָפּ — צוויי ........

6. מאַך פאָלגנדע איבונג:

צוויי ליפּן — איין ליפּ
צוויי זיפּן — איין ......
צוויי לאָמפּן — איין ......
צוויי שטראָפּן — איין ......
צוויי שיפּן — איין ......

7. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | |
|---|---|---|
| קלאַפּן | — | איך קלאַפּ, דו קלאַפּסט, ער קלאַפּט. |
| כאַפּן | — | איך ........ דו .......... ער ........ |
| זופּן | — | איך ........ דו .......... ער ........ |
| שטעפּן | — | איך ........ דו .......... ער ........ |
| שאַרפּן | — | איך ........ דו .......... ער ........ |
| וואַרפּן | — | איך ........ דו .......... ער ........ |

8. מינדלאַכער שמועס:

1) ביי וואָס אַרבעט דיין פאָטער?
2) וואָס טוט דער בעקער?
3) וואָס טוט דער שניידער?
4) וואָס טוט דער גאַסן-קערער?
5) וואָס טוט דער לערער?
6) וואָס טוט דער קרעמער?

9. מאָל אָפּ אַ שניידער (אָדער אַ בעקער, אָדער אַ גאַסן-קערער) ביי זיין אַרבעט.

10. לייען אַ פּאָר מאָל איבער די פאָלגנדע שורות (שורעס) שטילערהייט. קוק זיך גוט צו, ווי די ווערטער ווערן געשריבן. דער לערער וועט זיי דיר באַלד דיקטירן.

זאָל דער לערער דיקטירן:

**האָפּ האָפּ! — שפּרינגט זיך בערל מיט זיין פּויק. בערל, שטעל זיך אָפּ! קלאַפּ ניט אַזוי שטאַרק אין קאָפּ! אָבער בערל איז פאַרכאַפּט. ער שפּרינגט און קלאַפּט און שפּאַנט אין גאָרטן שטאָלץ אַרום מיט זיין פּייקל־בים־באַם־בום.**

(לויט אידע גלאַזער)

11. זאָל אײן קינד שרײַבן אויפ׳ן ברעט עטלאַכע ווערטער (אַ זאַץ), נאָכדעם נאָך אײנער א. א. וו. דער קלאַס פאַרריכט, אויב ער זעט פעלערן אויפ׳ן ברעט. די קינדער פאַרגלײַכן דאָס, וואָס זײ האָבן אָנגעשריבן אין העפט, מיט דעם, וואָס איז געשריבן און פאַרריכט געוואָרן אויפ׳ן ברעט, און פאַרריכטן די פעלערן.

12. זאָלן די קינדער איבערשרײַבן דעם פאַרריכטן דיקטאַט.

א אַ אָ ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך

ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 6

## מײַן מאַמע.

מײַן מאַמע איז אַ יונגע פרוי. זי איז זײַער אַ גוטע. זי אַרבעט אַ גאַנצן טאָג אין הויז. זי האַלט רײַן די צימערן. זי קערט און וואַשט, און נײַט און פאַרריכט.

מײַן מאַמע האָדעוועט די קינדער. זי העלפט אונז אָנטאָן זיך און אײַנוואַשן זיך. זי גיט אונז אַלעמען עסן. זי גרײַט אויך צו עסן פאַר דעם טאַטן. ווען דער טאַטע קומט אַהיים נאָך אַ טאָג אַרבעט אין שאַפּ, געפינט ער שוין זײַן עסן גרײַט.

מײַן עלטערע שוועסטער גיטל העלפט דער מאַמען. ווען זי קומט פון שול, גיט זי אַכטונג אויף מײַן אינגערן ברודערל. נאָכ'ן עסן וואַשט זי אויס די געפעס.

1. לײַען איבער די זאַך שטילערהײַט.
2. ענטפער שריפטלאַך:

2) וואָס טוט די מאַמע אין הויז?
2. מיט וואָס העלפט די מאַמע אירע קינדער?
3) וואָס גרײַט די מאַמע צו פאַר'ן טאַטן?
4) מיט וואָס העלפט גיטל אַרוים אין הויז?

3. שרײַב איבער פון דער זאַך די אַלע ווערטער, וואָס האָבן אין זיך אַ „ג" אדער אַ „ז".

4. קוק זיך גוט צו, ווי מען שרײַבט „ג" און ווי — „ז".
געדענק: דעם „ג" שרײַבט מען טײלווײַז אונטער דער ליניע, דעם „ז" אינגאַנצן אויף דער ליניע. דעם „ג" פאַרדרײט מען אויף לינקס; דעם „ז" — אויף רעכטס.

5. שרײַב אָן 1) דרײַ ווערטער, וואָס הײבן זיך אָן מיט „ג".
2) דרײַ ווערטער, וואָס הײבן זיך אָן מיט „ז".
3). דרײַ ווערטער, וואָס ענדיקן זיך מיט „ז".
4) דרײַ ווערטער. וואָס ענדיקן זיך מיט„ג".

6. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| גײן | — | איך גײ, | דו גײסט, | ער גײט |
| זײען | — | איך ...., | דו ......., | ער .... |
| וועגן | — | איך ...., | דו ......., | ער .... |
| פרעגן | — | איך ...., | דו ......., | ער .... |
| זינגען | — | איך ...., | דו ......., | ער .... |
| זאָגן | — | איך ...., | דו ......., | ער .... |

7. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| אײן זאַל | — | 2 זאַלן | אײן האָז | — | 2 ...... |
| אײן זײַט | — | 2 ...... | אײן זעג | — | 2 ...... |
| אײן גאַס | — | 2 ...... | אײן גרײַז | — | 2 ...... |
| אײן אויג | — | 2 ...... | אײן געזינד | — | 2 ...... |

8. מינדלאַכער שמועס:

1) וועלכע צימערן האָט איר אין אײַער וואוינונג?

2) וואָס טוט מען אין קיך?
3) אין וועלכע צימערן שלאָפט מען?
4) אין וועלכע צימערן נעמט איר אויף געסט?
5) וועלכע מעבל האָט איר אין אַנדערע צימערן?

9. לאָמיר שפּילן אין ווערטער. איך וועל זאָגן אַ וואָרט, צ. ב. „זעג". און דו גיב אַ וואָרט, וואָס הייבט זיך אָן מיט דעם זעלבן בוכשטאַב, מיט וועלכן מײַן וואָרט האָט זיך געענדיקט — מיט אַ „ג", צ. ב. „גיב". וועל איך זאָגן „בער". ווּעסטו זאָגן: „ריזיף", וועל איך זאָגן: „פּאַל" א. א. וו.

10. לייען איבער שטילערהייט דאָס פאָלגנדע לידעלע און קוק זיך צו, ווי די ווערטער ווערן געשריבן. דער לערער וועט עס אײַך דיקטירן:

קומט אָן דער באַגינען,
שלאָפט עטל שוין נים;
דורך פענסטער־גאַרדינען
אַ שטראַל איז צעגלים.

ער מאָלט אין דעם צימער
אוזאָר נאָך אוזאָר.
אַ גילדערנער שימער
גילדט עטלען די האָר.

(ז. וויינפּער)

א אַ אָ ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 7

## אַ קלוגער דינער.

אין אַ שטאָט איז געקומען אַ גאַסט. איז ער פאַרפאָרן אין אַ האָטעל. אין אָוונט רופט ער צו זיך דעם האָטעל־דינער און זאָגט צו אים:

— איך דאַרף מאָרגן אָפּפאָרן זיבן אין דער פרי. פאַר־געסט מיך ניט אויפוועקן אין צײַט — אַרום זעקס אַ זייגער.

— זייער גוט. — האָט געענטפערט דער דינער. — אַ פּאָר מינוט פאַר זעקס, וועט איר אַזוי גוט זײַן און אָנקלינגען מיר, וועל איך באַלד קומען און אויפוועקן אײַך.

1. לייען איבער דעם אַנעקדאָט.

2. דערציייל איבער דעם אַנעקדאָט שריפטלאַך מיט דײַנע אייגענע ווערטער, ניט קוקנדיק אין בוך. אויף דער ענדע גיב נאָך צו, אין וואָס באַשטייט דאָ דער וויץ.

3. קוק זיך צו, ווי מ׳שרײַבט די ווערטער: **איז, אין, אים, איך, אויפוועקן, און, אײַך.** זיי האָבן אין אָנהייב וואָרט אַן „**א**“ (אַלעף), וואָס מ׳לייענט אים ניט. מ׳רופט אים „שטומער אַלעף“.

אוןגעדענק: פאַר ו, וי, י, ױ, ײַ אין אָנהייב וואָרט שרײַבט מען אַלעמאָל אַזאַ שטומען „א“.

4. שרײַב אָן צען ווערטער, וואָס האָבן אין אָנהייב אַ שטו־מען „א“.

5. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | |
|---|---|---|
| איין אויג — צוויי אויגן. | איין אויוון — | צוויי אויוונס |
| איין אויער — צוויי ........ | איין איַזן — | צוויי ........ |
| איין אייזל — צוויי ........ | איין אינדיק — | צוויי ........ |

6. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אויפוועקן | — | איך וועק אויף, | דו וועקסט אויף, | ער וועקט אויף |
| אויפעסן | — | איך .........., | דו ............, | ער .......... |
| אויפהערן | — | איך .........., | דו ............, | ער .......... |
| אויספרעגן | — | איך .........., | דו ............, | ער .......... |
| אויסלערנען | — | איך .........., | דו ............, | ער .......... |

7. שרײַב אויס פון׳ם אָנעקדאָט אַלע ווערטער, וואָס ענדיקן זיך מיט אַ שלום-בוכשטאַב, ווי אויך אַלע ווערטער, וואָס האָבן אין זיך אַ „ג“ אָדער אַ „ז“.

8. די ווערטער: „אין אַ שטאָט איז געקומען אַ גאַסט“ **דריקן** אויס אַ געדאַנק. מיר דערווייסן זיך עפּעס פון די ווערטער.

געדענק: אַזעלכע ווערטער, וואָס דריקן אויס אַ געדאַנק, הייסן „זאַץ“. „ער איז פאַרפאָרן אין אַ האָטעל“ איז אויך אַ זאַץ.

9. ווייַז אָן נאָך אַנדערע זאַצן אין דעם אַנעקדאָט.

ווייַז אָן אויף די באַזונדערע זאַצן פון „מייַן מאַמע“ אין לעקציע 6.

11. באַמערק: אין ענדע פון יעדן זאַץ שטעלט מען אַ פּינטעלע (.).

12. דו האָסט דאָ צוויי זייַלן ווערטער. גיב צו צו יעדן וואָרט פון ערשטן זייַל אַזאַ וואָרט אָדער אויסדרוק פון׳ם צווייטן זייַל, אַז עס זאָל זיך באַקומען אַ לאָגישער זאַץ. ד. ה. אַזאַ, וואָס האָט אַ זין. צ. ב. „די זון שייַנט“ (עס וועט זיך אָבער ניט באַקומען קיין לאָגישער זאַץ, ווען דו זאָלסט זאָגן: „די זון נייט קליידער“).

| | |
|---|---|
| די זון | האָדעוועט די קינדער |
| דער שנייַדער | באַדינט די געסט |
| אַ גאַסט | העלפט דער מאַמען |
| דער דינער | שפּילן זיך |
| מייַן מאַמע | איז געקומען |
| מייַן שוועסטער | שייַנט |
| די קינדער | נייט קליידער |

13. אין יעדן פון די פאָלגנדע זאַצן שטעל אַרייַן דאָס פּאַסיקע וואָרט אויפ׳ן אָרט פון יעדן פּאַסיק.

איך גיי יעדן טאָג — שול. אין קלאַס־צימער הענגען בילדער — די ווענט. — אַ ווינקל פון צימער שטייט אַ טיש. — דעם טיש שטייט אַ פּאַפּיר־קאָרב. — צימער שטייען אַ סך בענקלאַך.

41. לייען איבער דאָס פאָלגנדע לידל אײן מאָל שטילערהייט און אײנמאָל הויך. דערנאָך שרײַב דאָס איבער און שטעל אַרײַן דעם פאַסיקן בוכשטאַב אויפ'ן אָרט פון יעדן פּאַסיקל.

זײדע פראָסט —יז מיד געוואָר—
—ויף די גאַס— —ומצושפּאַנע—.
—יז ער זי— אַוועקגעפאָר—
אָ— אַ זײַ געזונט פו— דאַנע—.
האָט די זו— דור— אַלע שויב—
—יפגעשײַנט הײַנט אַ צעשטראַלטע.
עס —יז דיזעלבע זו— פו— —ייבן,
נאָר נישט אַזאַ קאַלטע.

(ז. וויינפער)

אַ אָ א ב ג ד ה ו װ ױ ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 8

## אַ צוגעדעקטע שיסל.

אַ איד איז אַמאָל געקומען אין אַ שטאָט.
גייט ער איינמאָל אין גאַס. דערזעט ער — אַ אידיש אינגעלע גייט און טראָגט אַ שיסל. און די שיסל איז צוגעדעקט.

פרעגט דער איד דאָס אינגעלע:

— וואָס איז, אינגעלע, דאָרט ביי דיר אין שיסל?

דאָס אינגעלע האָט גלייך אָפּגעענטפערט:

— ווען מיין מאַמע וואָלט געוואָלט, אַלע זאָלן וויסן, וואָס דאָרט איז, וואָלט זי דאָך די שיסל ניט צוגעדעקט.

1. לייען איבער די זאַך שטילערהייט.

2. דערציייל דאָס איבער מינדלאַך.

3. מאָל אָן אַן אילוסטראַציע (אַ בילדעלע) צו דעם געלייענטן.

4. שרייב אָן דאָס מעשה'לע (מייסעלע) אין העפט מיט דיינע ווערטער (ניט קוקנדיק אין בוך).

5. שרײַב איבער די פֿאָלגנדע ווערטער פֿון דעם מעשה׳לע: איד, אידיש, אינגעלע. געדענק: מ׳שרײַבט אָט די ווערטער מיט אַ שטומען „א“ אין אָנהײב, אָבער מ׳לײענט זײ, ווי זײ וואָלטן געווען געשריבן: ייִד, ייִדיש, ייִנגעלע. דאָסזעלבע איז אויך מיט די ווערטער: אידענע, אינגער. מ׳רעדט זײ אַרויס ייִדענע, ייִנגער.

6. גיב צו צו יעדן וואָרט פֿונ׳ם ערשטן זײַל אַ וואָרט אָדער אַן אויסדרוק פֿונ׳ם צווייטן, עס זאָל זיך באַקומען אַ לאָגישער זאַץ:

| | |
|---|---|
| אַ איד | האָט געשיקט דאָס קינד |
| די שיסל | וואוינען אין גרויסע שטעט |
| דאָס אינגעלע | איז געווען קלוג |
| די מאַמע | איז געווען צוגעדעקט |
| אידן | איז געקומען אין אַ שטאָט |

7. באַמערק: נאָך דעם זאַץ: „וואָס איז, אינגעלע, דאָרט בײַ דיר אין שיסל?“ שטייט אַ באַזונדער צייכן (?) — אַ פֿרעגצייכן.

געדענק: אַזאַ צייכן שטעלט מען אַלעמאָל נאָך אַ זאַץ, אין וועלכן עס ווערט עפּעס געפֿרעגט.

8. באַמערק די פֿרעגצייכנס נאָך די פֿאָלגנדע זאַצן:

**וואָס איז העכער פֿאַר אַ הויז?**
**און וואָס איז פֿלינקער פֿאַר אַ מויז?**
**וואָסער מילנער איז אָן אַ מיל?**
**און וואָסער לעפֿל איז אָן אַ שטיל?**

קאָנסטו געבן די ענטפֿערס אויף אָט די פֿראַגעס?

9. ענטפֿער אויף די פֿאָלגנדע רעטענישן:

1) ווער גייט און שטייט הענגענדיק?
דאָס איז אַ ............

2) ווער גייט זומער איינגעדעקט און ווינטער נאַקעט?

דאָס איז אַ ............

10. שטעל אַוועק אין ענדע פון יעדן פון די פאָלגנדע זאַצן דעם פּאַסיקן צייכן — אַ פּינטעלע (.) אָדער אַ פּרעגצייכן (?):

אַ איד איז געקומען אין אַ שטאָט
וועמען האָט דער איד באַגעגנט
דאָס אינגעלע האָט געהאַלטן אַ שיסעלע
האָסטו אַ אינגערן ברודערל
איך האָב אַ אינגערע שוועסטער
איז דיין באָבע אַן אַלטע אידענע
איז דיין פאָטער אַן ארבעטער
האָט ער שטענדיק ארבעט
מיין פאָטער גייט אָפט אום אָן ארבעט.

11. גיב פולע ענטפערס אויף די פאָלגנדע פראַגעס:

| פראַגע: | ענטפער: |
|---|---|
| 1) דאַרף אַ אידיש קינד לערנען אידיש? | 1) יאָ, אַ אידיש קינד דאַרף לערנען אידיש. |
| 2) דאַרף אַ אינגערער ברודער פאָלגן אַן עלטערן? | 2) .................... .................... |
| 3) רעדסטו מיט דיינע עלטערן אידיש? | 3) .................... .................... |
| 4) דאַרף יעדעס קינד באַזוכן אַ שול? | 4) .................... .................... |
| 5) איז צוויי מאָל צוויי פינף? | 5) .................... |
| 6) ווי הייסטו? | 6) .................... |

12. לאָמיר שפּילן אין ווערטער, און לאָזן אַלע ווערטער זײַן אײַנזילביקע. זאָל יעדעס קינד אין קלאַס לויט דער ריי געבן אַ וואָרט. יעדעס וואָרט דאַרף זיך אָנהייבן מיט דעמזעלבן בוכשטאַב, מיט וועלכן דאָס פֿריערדיקע וואָרט האָט זיך געענדיקט. צ. ב. איד, דאַך, כריין ......

31. לייען דורך דאָס פֿאָלגנדע לידעלע איינמאָל שטילערהייט און איינמאָל הויך. דערנאָך שרײַב דאָס איבער און שטעל אַרײַן דעם פֿאַסיקן בוכשטאַב אויפֿ׳ן אָרט פֿון יעדן פֿאַסיקל:

**קו— שוי— —ין הויז אַרײַ—, קו— שוי—, מײַ— זונעלע,**
**זאָג „גוטע נאַכט !“ צו דער פֿרײַנטלאַכער גאַס.**
**מיד ביסטו, שוואַ— ביסטו, שטיפֿערל קליינינקער,**
**—ייגעלאַך קלעפּ— זיך—, פֿנימ׳ל בלאַס.**
**באַרשט —ים די ציינדעלאַ—, וואַש אָ— דאָס פֿנימ׳ל,**
**ניאָרע זי— —ײַן —ין דעם קלאָרינק— בעט.**
**—יך האָב נאָ— אַ קוש פֿאַר מײַ— זונעלעס „שלאָ— געזונט“.**
**שלאָ— זשע שוי—, —ינגעלע, שלאָ—, עס —יז שפּעט.**

(י. גויכבערג)

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו ױ ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 9

## דער יעגער און די פֿייגל.

אַ יעגער האָט אַוועקגעשטעלט אַ נעץ בײַם טײַך. אין נעץ האָבן זיך פֿאַרפּלאָנטערט פֿייגל.

די פֿייגעל זײַנען געווען גרויסע. זיי האָבן אויפֿגעהויבן די נעץ און זײַנען אַוועקגעפֿלויגן. דער יעגער האָט דאָס באַמערקט, און זיך געלאָזט לויפֿן נאָך די פֿייגל.

באַגעגנט דעם יעגער אַ מאַן און פֿרעגט:

— וואָס יאָגסטו זיך, וואָס לויפֿסטו? ווּעסטו דען, לויפֿנדיק צופֿוס, אָניאָגן די פֿייגל?

ענטפֿערט דער יעגער:

„ווען זיי וואָלטן אַלע געפֿלויגן אין איין זײַט, וואָלט איך זיי ניט געקאָנט אָניאָגן. אָבער זיי וועלן פֿליען אין פֿאַרשידענע זײַטן.

און אַזוי איז טאַקע געווען. ווען עס איז געוואָרן טונקל, האָבן די פֿייגל גענומען פֿליען צו זיך אין די נעסטן שלאָפֿן, יעדער פֿויגל איז געפֿלויגן אין אַן אַנדער

זײַט: אײנער אין װאַלד, אַ צװײטער צום זומפּ, אַ דריטער אין פעלד. און זײ זײַנען אַלע אַראָפּגעפאַלן מיט דער נעץ אויף דער ערד.

דער יעגער איז צוגעלאָפן און זײ צוגענומען.

1. לײען איבער די זאַך שטילערהײט.

2. שרײַב אַראָפּ און העפט אײנס אונטער׳ן אַנדערן די װערטער, װאָס דו פאַרשטײסט ניט. דער קלאַס אָדער דער לערער װעט זײ דערקלערן, און דו שרײַב אַראָפּ די דערקלער־װערטער בײַ יעדן װאָרט אַזױ:

פאַרפּלאָנטערט — פאַרדרײט.
באַמערקט — דערזען.

3. דערצײל איבער די זאַך מינדלאַך מיט דײַנע אײגענע װערטער.

4. מאָל אָן אַ בילדעלע צו אילוסטרירן די זאַך: א) װי די פײגל זײַנען פאַרפּלאָנטערט אין נעץ; אָדער ב) װי די פײגל הײבן אויף די נעץ און פליען אַװעק, אָדער עפּעס אַנדערש, װאָס דו דענקסט—עס איז אינטערעסאַנט.

5. שרײַב אָן, װאָס איז דער געדאַנק פון דער זאַך.

6. װײסטו פילײַכט נאָך אַ מעשה׳לע (מײַסעלע), װאָס באַװײַזט, אַז צוזאַמען איז מען שטאַרק און באַזונדער — שװאַך? דערצײל עס.

7. געדענק דאָס שפּריכװאָרט (דאָס קלוגע װערטל): **אין אײניקײַט ליגט קראַפט**״. שרײַב עס אַראָפּ אין העפט אין אַ באַזונדער אָפּטײלונג פאַר שפּריכװערטער.

8. שרײַב איבער די פֿאָלגנדע ווערטער פֿון דער מעשה:
יעגער, יאָגסטו זיך, אָניאָגן, יעדער.

9. שרײַב אָן נאָך פֿינף ווערטער מיט אַ „י" אין אָנהייב וואָרט.

10. שרײַב אויך אויס די אַלע ווערטער פֿון דער מעשה (מײַסע), וואָס האָבן אַ שלום-בוכשטאַב אָדער אַ שטומן „א" אין אָנהייב וואָרט.

11. מאַך פֿאָלגנדע איבונג:

יאָגן — איך יאָג, דו יאָגסט, ער יאָגט.
יאָמערן — איך ...., דו ........, ער....
יעטן — איך ...., דו ........, ער ....

12. ווײַז אָן אויף די באַזונדערע זאַצן אין „דער יעגער און די פֿייגל". ווײַז אָן באַזונדער אויף די פֿרעג-זאַצן, ד. ה. אויף די זאַצן, וואו עס ווערט עפּעס געפֿרעגט.

13. שרײַב איבער די פֿאָלגנדע זאַצן און פֿיל זיי אויס:
פֿאַראַיאָרן בין איך אַלט געווען ....יאָר, הײַ-יאָר בין איך אַלט ...... יאָר, און איבעראַיאָר וועל איך אַלט זײַן ...... יאָר.

14. שרײַב איבער די פֿאָלגנדע זאַצן און אין ענדע פֿון יעדן פֿון זיי שטעל אַ פּינטעלע (.) אָדער אַ פֿרעגצייכן (?).

אַ מאַן האָט געפֿרעגט דעם יעגער
וואָס יאָגסטו זיך, וואָס לויפֿסטו
איז דער יעגער געווען גערעכט
יאָ, דער יעגער האָט ריכטיק געטאָן
וויפֿיל מאָנאַטן איז פֿאַראַן אין אַ יאָר
אַ יאָר האָט צוועלף מאָנאַטן
ווי הייסט דער ערשטער מאָנאַט פֿון יאָר
דער ערשטער מאָנאַט פֿון יאָר הייסט יאַנואַר

15. לייען איבער דאָס פאָלגנדע לידל אייינמאָל שטילערהייט און איינמאָל הויך. דערנאָך שרייַב דאָס איבער און שטעל דערביי אַרײַן דעם פּאַסיקן בוכשטאַב אויפ'ן אָרט פון יעדן פּאַסיקל.

—אַנקעלע וויל אַ —עגער זיי—,
—אַנקעלע וויל —ין וואַלד אַריי—,
שים— וויל ער נאָר אַ בער.
דאַר— מע— דאָ— געווער.
—ונזער —אַנקעלע דערזעט:
—ין ווינקעלע אַ בעזי— שטייט.
מיט'— בעזי— וועט ער —אָגן
—ון אַ גרוים— בער דערשלאָג—.

(י. ל. פּרץ)

א אַ אָ ב ג ד ה ו וו ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 10

## נאַכט און רעגן.

אײַ־לי־ליו־ליו, נאַכט און רעגן,
אײַ־לי־ליו־ליו, נאַכט און ווינט!
אין דער נאַכט און אין דעם רעגן,
אין דער נאַכט און אין דעם ווינט
גייען מענשן אויף די וועגן
נאַס און הונגעריק ווי הינט
און פאַרוואָגלטע ווי הינט.
אײַ־לי־ליו־ליו, נאַכט און רעגן,
אײַ־לי־ליו־ליו, נאַכט און ווינט!
ליולינקע, מײַן קינד!

(מאני לייב)

1. לייענען איבער דאָס ליד שטילערהייט אַ פּאָר מאָל.

געדענק: „פאַרוואָגלט" מיינט „ווײַט פון דער היים",
אָדער „פאַרבלאָנדזשעט".

2. ענטפער מינדלאַך אויף פאָלגנדע פראַגן:

1) ווי איז אויפ'ן גאַס?
2) ווער גייט איצט אום אין גאַס?
3) פאַרוואָס גייען אָט די מענשן אום אין גאַס?
4) ווער זינגט דאָס לידעלע?

3. לייען איבער דאָס ליד פאַר'ן קלאַס. זאָלן אַלע קינדער צוזאַמען איבערלייענען דאָס ליד. לייענט אַלע גלייך, נאָר ניט שרייט. זאָל יעדעס קינד נאָכדעם שטילערהייט איבערלייענען פאַר זיך דאָס ליד איין מאָל און נאָך אַמאָל. זאָל נאָכדעם יעדעס קינד איבערזאָגן פאַר זיך דאָס ליד, ניט קוקנדיג אין ביכל. זאָלן אַלע קינדער צוזאַמען נאָכדעם זאָגן דאָס ליד.

4. דער לערער לייענט איבער דאָס ליד פאַר'ן קלאַס מיט דעם נייטיקן אויסדרוק. ער גיט דאַן איינעם פון די קינדער איבערזאָגן דאָס ליד אויף אויסווייניק. דערנאָך נאָך איינעם, דערנאָך נאָך איניקע.

5. שרייב אַראָפּ אין העפט די ענטפערס אויף די פראַגעס פון פאַראַגראַף 2.

6. שרייב איבער די פאָלגנדע ווערטער פונ'ם ליד: איילי-ליו-ליו; ליולינקע.

7. באַמערק: דער „ל“ אין ליו-ליו ווערט געלייענט ווייך צוליב דעם, וואָס צווישן אים און דעם „ו“ שטעלט מען אריין אַ „י“. דער „י“ מאַכט ווייך דעם „ל“ און הייסט „ווייכמאַכנדיקער יוד“.

8. שרייב אויך אַראָפּ די פאָלגנדע ווערטער, וואָס האָבן אַ ווייכמאַכנדיקן „י“ נאָך אַ „ל“ און „נ“: ליאַלקע, ליאַרימען, ליעפען, ליאַפען, ניאַנטשען, דיניע, ניו-יאָרק, שפּיליען, הוליען. די באַדייטונג פון אָט די ווערטער איז:

ליאַלקע — קוקלע, פּופּע; ליאַרימען — טומלען; ליעפּען — קלעפּן פון ליים; ליאַפּען — קלאַפּן; דיניע — זיסער אַרבוז (אויף ענגליש — „מעלאָן") הוליען — פרייען זיך, לעבעדיק זיין, ניאַנטשען — האָדעווען.

9. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | |
|---|---|
| ליאַרימען | — איך ליאַרים, דו ליאַרימסט, ער ליאַרימט. |
| ליעפּען | — איך ליעפּע, דו ............, ער ............ |
| ניאַנטשען | — איך ........, דו ............, ער ............ |
| שפּיליען | — איך ........, דו ............, ער ............ |

10. צו יעדן פון די ווערטער פונ'ם ערשטן זייל גיב צו אַ וואָרט אָדער אַן אויסדרוק פונ'ם צווייטן, עס זאָל זיך באַקומען אַ ריכטיקער זאַץ:

| | |
|---|---|
| די נאַכט | ניאַנטשעט איר קינד |
| דער רעגן | ליאַרימען און שטיפן |
| די מוטער | וואַקסט אין גאָרטן |
| דאָס מיידעלע | איז פינסטער |
| אַ דיניע | איז די גרעסטע שטאָט |
| דער ווינט | ליאַפּעט אין פענסטער |
| די קינדער | פייפט |
| ניו־יאָרק | האָט אַ ליאַלקע |

11. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | |
|---|---|---|
| מאַמע | — | מאַמעניו. |
| טאַטע | — | ............ |
| זון | — | ............ |
| מומע | — | ............ |
| זיידע | — | ............ |
| באָבע | — | ............ |

12. מאָל אָן, ווי אַ מענש (אָדער מענשן) גייט אום בײַנאַכט אין אַ רעגן אָדער אין אַ שנײ אויף דער גאַס.

13. לייען איבער דאָס פאָלגנדע לידל אײנמאָל שטילערהייט און אײנמאָל הויך. דערנאָך שרײַב עס איבער און שטעל אַוועק דעם פּאַסיקן בוכשטאַב אויפ׳ן אָרט פון יעדן פּאַסיקל:

שלאָ—, מײַ— קינד, מײַ— טרייסט, מײַ— שיינער,
שלאָ— זשע, ל—ו, ל—ו ל—ו!
שלאָ—, מײַ— לעב—, מײַ— ליבער איינער,
שלאָ— זשע, זונענ—ו.
—ין אַמעריקע —יז דער טאַטע
דײַנער, זונענ—ו!
ביסט אַ קינד נאָ—, שלאָ— לייסאַטע,
שלאָ— זשע, שלאָ—, ל—ו ל—ו!

(שלום-עליכם)

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך

ל מ נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 11

## שטאַרקע ליבע.

אַ אינגל איז געגאַנגען איבער דער גאַס. ער האָט זיך אַ גליטש געטאָן און איז געפאַלן.

פלוצלונג איז אָנגעפאָרן אַ וואָגן. ער האָט איבער־געפאָרן דעם אינגל און צעבראָכן אים אַ פוס.

מען האָט גענומען דעם אומגליקלאַכן אינגל און געבראַכט אים אַהיים. פון גרויס ווייטיק האָט ער גע־וויינט, געשריען און געקוויטשעט.

זיין מאַמע איז דעמאָלט געלעגן קראַנק. ווען זי האָט דערהערט די געשרייען פון איר קינד, איז זי אַראָפּ פון בעט. אָבער זי האָט ניט געקאָנט גיין און איז געפאַלן אין אָנמאַכט.

דער אינגל האָט גלייך אויפגעהערט צו שרייען. און די גאַנצע צייט, וואָס מען האָט אים באַנדאַזשירט זיין פוס, האָט ער קיין קרעכץ ניט געטאָן.

**—ניט שווין זשע טוט דיר גאָר ניט וויי? — האָט אים דער דאָקטער געפרעגט.**

**— עס טוט מיר גראָד שטאַרק וויי. — האָט דער אינגל שטיל געענטפערט. נאָר איך וויל ניט שרייַען. איך זשאַלעווע די מאַמען. מייַן שרייַען וואָלט איר פאַרשאַפט גרויס שמערצן.**

1. לייִען איבער די זאַך שטילערהייט. זאָלן דערנאָך אַ פּאָר קינדער איבערלייִענען עס הויך פאַר'ן קלאַס.

2. דערקלער די פאָלגנדע ווערטער מיט אַנדערע לויט דעם געגעבענעם מוסטער:

פּלוצלונג — מיט אַמאָל
ווייטיק — ................
געקוויטשעט — ................
אין אָנמאַכט — ................
באַנדאַזשירט — ................
שמערצן — ................

3. גיב איבער אין קורצן, וואָס איז דער געדאַנק פון דער זאַך.

4. שרייַב איבער אין העפט דעם אינהאַלט פון „שטאַרקע ליבע" מיט דייַנע אייגענע ווערטער, ניט קוקנדיק אין בוך.

5. שרייַב איבער צו צוויי מאָל די פאָלגנדע ווערטער פון „שטאַרקע ליבע": גלי**טש**, געקווי**טש**עט, באַנדאַ**זש**ירט, **זש**ע, **זש**אַלעווע. באַמערק די קלאַנגען „טש" און „זש", וואָס אין די ווערטער און ווי אַזוי זיי ווערן באַצייכנט.

6. שרייַב איבער די פֿאָלגנדע ווערטער: זשאַבע, זשעדנע, זשומען, זשמורען, טשעפּען, טשמאָקען, שעפּטשען און געדענק זייער באַדייַטונג: זשאַבע — אַ פֿראָש (ענגליש — פֿראָג); זשעדנע זייַן — נייִטיקן זיך אין עפּעס, שטאַרק וועלן האָבן עטוואָס; זשומען — דער קלאַנג, וואָס אַ בין גיט אַרום בייַם פֿליען; זשמורען — האַלב פֿאַרמאַכן די אויגן; טשעפּען — אָנרירן; טשמאָקען — אַרויסגעבן אַ קלאַנג מיט די ליפּן בייַם עסן; שעפּטשען — שטיל רעדן.

7. שרייַב אויך איבער די פֿאָלגנדע ווערטער: בלאָנדזשען, הודזשען, סווישטשען, באָרשטש און באַמערק די די קלאַנגען „דזש" און „שטש" און ווי זיי ווערן באַצייכנט.

8. שרייַב אויך אויס פֿון „שטאַרקע ליבע" די אַלע ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ שטומען „א", ווי אויך די אַלע ווערטער, וואָס ענדיקן זיך מיט אַ שלום-בוכשטאַב.

9. מאַך פֿאָלגנדע איבונג:

| | | |
|---|---|---|
| קווויטשען | — | איך קוויטשע, דו קוויטשעסט, ער קוויטשעט. |
| שעפּטשען | — | איך ........., דו ............., ער............ |
| טשעפּען | — | איך ........., דו ............., ער............ |
| טשמאָקען | — | איך ........., דו ............., ער............ |
| זשאַלעווען | — | איך ........., דו ............., ער............ |
| זשמורען | — | איך ........., דו ............., ער............ |
| בלאָנדזשען | — | איך ........., דו ............., ער............ |
| סווישטשען | — | איך ........., דו ............., ער............ |

10. וווּ איז אָן אויף די באַזונדערע זאַצן פֿון „שטאַרקע ליבע".

11. מאַך די פֿאָלגנדע זאַצן פֿול:

1) בייַ יעדער טשערעדע איז פֿאַראַן אַ............

2) זשאַבעס לעבן אין ............

3) ווינטער גליטשט מען זיך אויף ............
4) פרישטיק עסט מען אין דער פרי און וועטשערע אין ............
5) אַרום די בלומען פליען אַרום און זשומען ......

12. שרײַב איבער די פאָלגנדע זאַצן און שטעל אין ענדע פון יעדן זאַץ אַ פּינטעלע (.) אָדער אַ פרעג־צייכן (?).

1) אַ אינגעלע האָט זיך אויסגעגליטשט
2) אַ וואָגן האָט אים צעקוועטשט אַ פוס
3) דער דאָקטאָר האָט אים פאַרבאַנדאַזשירט דעם פוס
4) דער דאָקטאָר האָט אים געפרעגט
5) טוט דיר שטאַרק וויי
6) האָסטו ליב דײַנע עלטערן
7) וויפיל מיטגלידער זײַנען פאַראַן בײַ אײַך אין פאַמיליע
8) פון וועמען באַשטייט אײַער ווײַטערע פאַמיליע

13. ענטפער גענוי אויף די לעצטע צוויי פראַגעס (7 און 8).

14. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | |
|---|---|---|
| דער פאָטער | — | די מוטער. |
| דער זיידע | — | .. באָבע |
| .... פעטער | — | .. מומע |
| .... ברודער | — | .. שוועסטער |
| .... זון | — | .. טאָכטער |
| .... אינגל | — | .. מיידל |
| .... האָן | — | .. הון |

15. <u>געדענק:</u> פאַר ווערטער, וואָס באַצייכענען א מאַן אָדער אַ אינגל אָדער אַן „ער“ פון אַ חיה (כאַיע), שטעלט מען צו דאָס וואָרט (דעם אַרטיקל) „דער“; און פאַר ווערטער, וואָס באַצייכענען אַ פרוי אָדער אַ מיידל אָדער אַ „זי“ פון אַ חיה, שטעלט מען דעם אַרטיקל „די“.

16. שטעל צו דעם אַרטיקל „דער“ אָדער „די“ צו די פאָלגנדע ווערטער: לערער, שניידער, קוזינע, שרייבערן, פרעזידענט, אָקס, קו, ציג, באָק, ריכטער, קאַץ, קאָטער.

**17.** זאָלן די קינדער איבערלייענען אַ פאָר מאָל שטילערהייט דאָס פאָלגנדע לידל. זאָלן זיי וויסן, אַז מען וועט דאָס זיי דיקטירן. זאָל דער לערער געבן איין קינד דיקטירן פאַר׳ן קלאַס אַ פאָר שורות (שורעס), נאָכדעם נאָך איינעם און נאָך איינעם.

**מאַכט זיך, עמיצער פאַרבלאָנדזשעט,**
**איז פון בריימן וועג אַראָפּ.**
**שניידט מען פון דעם ברויט אין שטיבל**
**אויך פאַר אים אַ שטיקל אָפּ.**
**אָפּטמאָל טוט מען אים דערלאַנגען**
**אויך אַ שיסעלע מיט באָרשטש.**
**און דער מענש שטילט איינעט**
**דאָרט זיין הונגער און זיין דאָרשט.**

(ז. וויינפער)

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 12

## אַ וואונדער־הײַזל.

איך ווייס אַ וואונדער־הײַזל.

אין הײַזל איז פֿאַראַן אַ מילכל. פֿאַראַן אַ קיך. אין קיך גרייט זיך וואַרימע שפּײַז סײַ בײַטאָג, סײַ בײַנאַכט.

אין הײַזל איז פֿאַראַן אַ גרויס צימער. אין צימער גייט אַרײַן פֿרישע לופֿט פֿאַר דעם גאַנצן הײַזל. אין הײַזל זײַנען פֿאַראַן זייער פֿיל טירן און טירעלאַך. פֿלינקע באַדינערלאַך טראָגן אַרום די וואַרימע שפּײַז אין אַלע ווינקעלאַך פֿון הײַזל.

עס וואוינט אין הײַזל אַ פֿאַרוואַלטער מיט דער ווירט־שאַפֿט. ניט בײַטאָג, ניט בײַנאַכט שלאָפֿט ער ניט אויף קיין איין מינוט; נאָר טוק, טוק און טוק און טרײַבט די באַדינערלאַך איבער אַלע ווינקעלאַך פֿון הײַזל, וואו נאָר מען נייטיקט זיך אין עסן, טרינקען, וואַרימקײַט.

**פאַראַן אין הײַזל צוויי ליכטיקע פענסטערלאַך מיט לאָדן. בײַנאַכט פאַרמאַכן זיך די לעדעלאַך, בײַטאָג עפענען זיי זיך.**

1. לייען דורך די זאַך שטילערהייט.

2. זאָלן אַ פּאָר קינדער איבערלייענען די זאַך פאַר'ן קלאַס.

3. דערקלער די פאָלגנדע ווערטער מיט אַנדערע אַזוי:

א מילכל — אַ קליינע מיל.
גרייט זיך — ווערט געמאַכט
פלינקע —
שפּײַז —
פאַרוואַלטער —
ווירטשאַפט —
מען נייטיקט זיך —

4. ענטפער מינדלאַך מיט פולע זאַצן:

1) וואָס איז דאָס פאַר אַ הײַזל?
2) וואָס איז דאָס מילכל?
3) וואָס איז די קיך?
4) וואָס איז דאָס גרויסע צימער פאַר פרישער לופט?
5) ווער איז דער פאַרוואַלטער?
6) ווער זײַנען די באַדינערלאַך?
7) וואָס זײַנען די פענסטערלאַך?

5. דערצייל איבער די זאַך שריפטלאַך. ווען דו וועסט דאָס האָבן אָנגעשריבען, קוק עס אָליין איבער, איידער דו גיסט דאָס דעם לערער, און זע, אַלץ זאָל זײַן ריכטיק געשריבן.

6. אילוסטריר איינעם פון די פּאַראַגראַפן אַזוי, ווי דאָס וואָלט געווען טאַקע אַ הײַזל, אַן אײַנפאַך הײַזל.

7. שרײַב איבער די פאָלגנדע ווערטער פון „אַ וואונדער-הײַזל״:
וואו, וואונדער, וואוינט און באַמערק דעם „א״ צווישן „וו״ און „ו״ אָדער „וי״. דער „א״ ווערט ניט אַרויסגערעדט, ער איז אַ „שטומער״. מען שטעלט אים אַלע מאָל אַרײַן, ווען דרײַ וואָוון קומען זיך צונויף צוזאַמען.

8. שרײַב אויך איבער די פאָלגנדע ווערטער און שטרײַך אין זיי אונטער דעם „וואו״: וואוהין, וואונד, פאַרוואונדן, וואויל, וואוינונג, וואונש, וואוקס.

9. שרײַב אויך איבער די פאָלגנדע ווערטער און שטרײַך אין זיי אונטער דעם „וואו״: צוואוואַרפן, צוואווינשן, צוואווינקען, סואווערניר (אַ פרעזענט, אַן אָנדענק), הוא־ווער.

10. שרײַב אויס פון „אַ וואונדער-הײַזל״ די אַלע ווערטער, וואָס ענדיקן זיך מיט אַ שלוס-בוכשטאַב, אָדער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ שטומען „א״.

11. מאַך די פאָלגנדע זאַצן פול און שטעל אין ענדע פון יעדן זאַץ דעם פּאַסיקן צייכן: אַ (.) אָדער אַ (?):

1) איך וואוין אין ............
2) וויפיל אידן ............ אין אונזער שטאָט
3) דער מענשלאַכער קערפּער איז אַ וואונדערלאַכע ............

4) פון וואָס הענגט אָפּ דער וואוקס פון דעם ............ קערפּער

5) מען דאַרף דעם קערפּער צוגעוואוינען צו....

12. שטעל צו דעם אַרטיקל „דער“ אָדער „די“ צו די פאָלגנדע ווערטער: טאַטע, מאַמע, אַרבעטער, פריַינד, פריַינדן, פאַרוואַלטער, באַדינער, דינסט, דאָקטער, קרעמערקע.

13. שריַיב איבער די פאָלגנדע ווערטער מיט זייערע אַרטיקלען און פאַרגעדענק די אַרטיקלען: דער קערפּער, דער קאָפּ, דער שטערן, דער צאָן, דער האַלז, דער פוס, דער פינגער, די נאָז, די באַק, די ליפּ, די צונג, די האַנט, די הויט.

14. געדענק: עס זיַינען פאַראַן ווערטער, וואָס האָבן פאַר זיך ניט דעם אַרטיקל „דער“ און ניט דעם אַרטיקל „די“, נאָר אַן אַנדער אַרטיקל — „דאָס“, ווי צ. ב.: דאָס קינד, דאָס הויז, דאָס אויג.

15. געדענק: די ווערטער פאַר וועלכע מ׳שטעלט דעם אַרטיקל „דער“, הייסן „**מענלאַכע**“; די ווערטער, פאַר וועלכע מ׳שטעלט דעם אַרטיקל „די“, הייסן „**וויַיבלאַכע**“; און די ווערטער, פאַר וועלכע מ׳שטעלט דעם אַרטיקל „דאָס“ הייסן „**אַכלאַכע**“.

16. שריַיב אַראָפּ די פאָלגנדע ווערטער מיט זייערע אַרטיקלען: דאָס אויג, דאָס אויער, דאָס הויז, דאָס היַיזל, דאָס פענסטער, דאָס בילד, דאָס לאַנד.

17. לייען איבער דאָס פאָלגנדע לידל איינמאָל שטילערהייט און איינמאָל הויך. דערנאָך שרייב עס איבער און שטעל דערביי אַוועק דעם פּאַסיקן בוכשטאַב אויפ'ן אָרט פון יעדן פּאַסיקל:

קומט דער ליבער זומער,
שפּיל— מיר —ין זאַמד.
וו—ו עס —יז —ונזער וו—וינונג,
דאָרט —יז —ונזער לאַנד.
שוואַרצע קאַרש— רײַס— מיר,
ר—טע לאָז— מיר שטײ—.
וו—וילע קינדער נעמע— מיר,
שלעכטע לאָז— מיר גײ—.

(פאָלקס־ליד)

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך

ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 13

## אַ קלוג וואָרט.

אַ מאַן האָט געהאַט אַ הויז מיט אַ הויף. אײנמאָל האָט ער געוואָרפן שטײנער פון זײַן הויף אין גאַס אַרײַן. גײט פאַרבײַ אַ קלוגער מענש און זאָגט אים:

— נאַר דו אײנער! וואָס וואַרפסטו שטײנער ניט פון דײַן הויף אין דײַנעם?

דער באַלעבאָס פון הויף האָט זיך אויסגעלאַכט פון דעם מענשן און װײַטער געטאָן זײַן זאַך.

אין אַ צײַט אַרום איז דער באַלעבאָס פון הויז אָרים געוואָרן. עס איז געקומען דערצו, אַז ער האָט געמוזט פאַרקויפן זײַן הויז מיט דעם הויף.

אײנמאָל נאָכדעם איז ער געגאַנגען אין גאַס. ער האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן די שטײנער, וואָס ער אַלײן האָט אַרויסגעוואָרפן. ער איז געפאַלן און זיך גוט צעשלאָגן. דעמאָלט האָט ער זיך דערמאָנט אָן די ווערטער פון

יענעם קלוגן מאַן און געזאָגט: „ריכטיק האָט באַמערקט יענער קלוגער מאַן, נאָר איך האָב זײַנע ווערטער ניט פאַרשטאַנען און נאָך געלאַכט פון אים“.

1. לייען איבער די זאַך שטילערהייט.

2. זאָל איינס פון די קינדער נאָכדעם איבערלייענען עס הויך פאר׳ן קלאַס.

3. דערקלערט די פאָלגנדע ווערטער מיט אַנדערע אַזוי:

ד ע ר  ב אַ ל ע ב אָ ס — דער אייגנטימער, דער מאַן וואָס פאַרמאָגט די זאַך.

ג ע מ ו ז ט —

פ אַ ר ט ש ע פ ע ט —

ד ע מ אָ ל ט —

ר י כ ט י ק —

ב אַ מ ע ר ק ט —

4. דערציי׳ל איבער די זאַך מינדלאַך אַזוי, ווי דו וואָלסט געווען דער מאַן. הייב אָן אַזוי: „איך בין אַמאָל געווען אַ רײַכער מאַן. איך האָב געהאַט אַ הויז מיט אַ הויף. איינמאָל האָב איך גענומען שטיינער פון מײַן הויף און געוואָרפן .......

5. גיב איבער דעם געדאַנק פון דער זאַך.

6. פאַרגעדענק די פאָלגנדע שפּריכווערטער און זאָג, וואָס פאַר אַלגעמיינס האָבן זיי מיט דער זאַך „אַ קלוג וואָרט“.

1. מ י ט  ר ײַ כ ק ײַ ט  ד אַ ר ף  מ ען  ז י ך  נ י ט  א י ב ע ר נ ע מ ע ן.

2. ג ע ל ט  א י ז  ק ײַ ל אַ כ ד י ק.

שרײַב אַרײַן די צוויי שפּריכווערטער אין העפט, אין דער אָפּטיילונג פון שפּריכווערטער.

7. דערצײל איבער די זאַך שריפטלאַך, אַזוי ווי דו האָסט עס פריער געטאָן מינדלאַך. קוק עס איבער גוט, אײדער דו גיסט עס דעם לערער, און זע, עס זאָלן דאָרט ניט זײַן קײַן פעלערן.

8. מאָל אָן אַ בילדל צו אילוסטרירן די זאַך: ווי דער מאַן וואַרפט שטײנער אין גאַס; ווי ער שטויסט זיך אָן אין אַ שטײן און פאַלט א. ד. ג.

9. שרײַב אויס פון „אַ קלוג וואָרט“ די פאָלגנדע ווערטער: הויז, הויף, פאַרקויפן, אויסגעלאַכט, אײנמאָל, שטײנער, גײט, אײנער, אַלײן — און שטרײַך אין זײ אונטער דעם „וי“ און דעם „ײ“.

10. גיב אַלײן פינף ווערטער, וואָס האָבן אין זיך אַן „וי“ און פינף — וואָס האָבן אין זיך אַן „ײ“:

11. שרײַב אויס פון „אַ קלוג וואָרט“ די אַלע ווערטער, וואָס הײבן זיך אָן מיט אַ שטומען „א“, וואָס ענדיקן זיך מיט אַ שלוס־בוכשטאַב, ווי אויך די ווערטער: פאַרטשעפעט, יענער, יענעם.

12. מאַך די פאָלגנדע איבונג:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| קויפן | — | איך קויף, | דו קויפסט, | ער קויפט. |
| לויפן | — | איך ...., | דו ........, | ער ........ |
| טויגן | — | איך ...., | דו ........, | ער ........ |
| גײן | — | איך ...., | דו ........, | ער ........ |
| שטײן | — | איך ...., | דו ........, | ער ........ |
| לײענען | — | איך ...., | דו ........, | ער ........ |

| | | | |
|---|---|---|---|
| קויפן | — | מיר קויפן, | איך קויפט, זײ קויפן. |
| לויפן | — | מיר ......, | איך ........, זײ...... |
| טויגן | — | מיר ......, | איך ........, זײ...... |
| גײן | — | מיר ......, | איך ........, זײ...... |
| שטײן | — | מיר ......, | איך ........, זײ...... |
| לײענען | — | מיר ......, | איך ........, זײ...... |

13. מאַך די פאָלגנדע איבונג:

| | |
|---|---|
| איך בין אַ שילער. | איך האָב אַ בוך. |
| דו ...... אַ שילער. | דו ........ אַ בוך. |
| ער ...... אַ שילער. | ער ........ אַ בוך. |
| מיר ..... שילער. | מיר ....... אַ בוך. |
| איר ...... שילער. | איר ....... אַ בוך. |
| זײ ...... שילער. | זײ ....... אַ בוך. |

14. שטעל צו דעם אַרטיקל „דער“ אָדער „די“ צו די פאָלגנדע ווערטער: מאַן, מענש, פרוי, באַלעבאָס, לײב, הון, טאָכטער, שילערן, רויבער, אָקס, ציג, קו, שעפס, זײדע.

15. שטעל צו דעם אַרטיקל „דער“ אָדער „די“ אָדער „דאָס“ צו די פאָלגנדע ווערטער: — אויג, — האַנט, — פינגער, — פוס — קאָפּ, — צאָן, — ליפּ, — באַק, — אויער, — שטערן.

16. מאַך פאָלגנדע איבונג:

אַ טיש — אַ קלײן טישעלע.
אַ ציג — אַ קלײן ...........
אַ שעפס — אַ קלײן ...........

אַ לײב — אַ קלײן ............

אַ ליפּ — אַ קלײן ............

17. מאַך פאָלגנדע איבונג:

אַ בוים — אַ קלײן בײמעלע.

אַ ברויט — אַ קלײן ............

אַן אויג — אַ קלײן ............

אַ פויגל — אַ קלײן ............

18. מאַך פאָלגנדע איבונג:

דער קאָפּ — דאָס קעפּעלע

דער טאָפּ — ..................

דער אָקס — ..................

די האַנט — דאָס הענטעלע

די וואַנט — ..................

די גאַנז — ..................

19. געדענק: אַזעלכע ווערטער, ווי טישעלע, בײמעלע, קעפּעלע, א. ד. ג. הײסן פאַרקלענערטע ווערטער אָדער ווערטער אין דער פאַרקלענער-פאָרם. פאַר אַזעלכע ווערטער שטעלט מען אַלע מאָל דעם אַרטיקל „דאָס“.

20. גיב צו צו יעדן וואָרט פונ׳ם ערשטן זײַל אַ וואָרט אָדער אַן אויסדרוק פונ׳ם צווײטן זײַל, אַזוי אַז עס זאָל זיך באַקומען אַ גוטער, אַ לאָגישער זאַץ.

| | |
|---|---|
| דער הימל | איז פינסטער |
| די ערד | איז טיף בלוי |

| | |
|---|---|
| די זון | גייט אָן אויפהער |
| דער שטערן | האָט באַדעקט דעם הימל |
| דער וואָלקן | פינקלט אויפ'ן הימל |
| דער רעגן | פאַרגייט רויט |
| דער טאָג | איז אַ וואַרימער |
| די נאַכט | גיט אַרויס פלאַנצן און גראָזן |

21. לאָמיר שפּילן אין ווערטער, אָבער זאָל יעדעס וואָרט האָבן אין זיך אַן „וי" אָדער אַן „יי". צום ביישפּיל: רויך — כרייזן — נויט — טויג א. ד.ג.

22. לייען דורך דאָס פאָלגנדע לידל איינמאָל שטילערהייט און איינמאָל הויך פאַר'ן קלאַס. נאָכדעם שרייב עס אַראָפּ אין העפט און שטעל דערביי אַריין דעם פאַסיקן בוכשטאַב אויפ'ן אָרט פון יעדן פאַסיקל.

אַז מיי— מאַמע האָט געשריב—,
—ון זי —יז געווע— פאַרקלערט,
בי— —יך צו צו— —ייוון קוק—,
וואָס פו— שוואַרצע קויל— ווערט.
זיינע— —ין דע— ה—סן א—וון
אַלע ק—לן ר—ט געווע—;
—ון אַז—נע קל—נע פלעמלאַ—
האָב —יך דאָרט— א—ך געזע—.
אַז די שוואַרצע ק—לן קענע—
ווער— —ין דע— א—וון ש—ן,
ווי וואָלט נאָ— מיי— נייע קל—דל
—ין דע א—וון —ויסגעזען!

(לאה קאַפּילאָוויטש)

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך

ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 14

———o———

## די זאַנגען.

אַ פּאָטער איז געגאַנגען מיט זײַן קלײנעם זון דורך אַ פעלד. דאָס פעלד איז געווען באַדעקט מיט זאַנגען. דער אינגל האָט געזען, ווי אַ טײל זאַנגען שטײען גראַד, מיט די קעפּ אַרויף, און אַ טײל זאַנגען שטײען אײַנגעבויגן, מיט די קעפּ אַראָפּגעהאַנגען צו דער ערד.

— פאַרוואָס שטײען אָט די זאַנגען גראַד, און יענע האָבן אַראָפּגעלאָזט זײערע קעפּ? — האָט דער זון געפרעגט בײַם פּאָטער.

דער פּאָטער האָט אים געענטפערט:

— אָט יענע זאַנגען, מיט די קעפּ אַראָפּגעהאַנגען, זײַנען פול מיט קערנער. זײ זײַנען שווער, און זײ בײגן זיך דערפאַר אַראָפּ. און די, וואָס שטײען גראַד, זײַנען לײדיק, אָן קערנער. זײ רײַסן דערפאַר זײערע פוסטע קעפּ אין דער הײך.

1. לייען איבער די זאַך שטילערהייט.

2. דערציילט איבער די זאַך מינדלאַך אַזוי, ווי דו וואָלסט געווען דער אינגל. הייב אָן אַזוי: „אַמאָל בין איך געגאַנגען מיט מיין פאָטער שפּאַצירן דורך אַ פעלד, וואָס איז געווען פול מיט זאַנגען. האָב איך דערזען, אַז ........"

3. גיב איבער דעם געדאַנק פון „די זאַנגען".

4. שרייב אַראָפּ די פאָלגנדע שפּריכווערטער אין העפט, אין דער אָפּטיילונג פון שפּריכווערטער, און פאַרגעדענק זיי:

1) אַ שלעכטע ראָד סקריפּעט הויך.
2) פון ליידיקע פעסער איז דער ליאַרעם גרעסער.

און געדענק: „סקריפּעט" — מיינט: קרעכצעט; דער קלאַנג, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן, ווען אַ האָלץ רייבט זיך אָן עפּעס. „ליידיקע" — מיינט פוסטע; „ליאַרעם" — מיינט טומל.

5. וואָס פאַר אַלגעמיינס האָבן אָט די שפּריכווערטער מיט „די זאַנגען" ?

6. דערציילט איבער די זאַך שריפטלאַך, אָבער אַזוי, ווי דו וואָלסט געווען דער פאָטער: הייב אָן אַזוי: „אַמאָל בין איך געגאַנגען מיט מיין קליינעם זון שפּאַצירן אין פעלד .........." קוק עס איבער גוט, איידער דו גיסט עס דעם לערער. און זע, עס זאָלן דאָרט ניט זיין קיין פעלערן.

7. מאָל אָן אַ בילדל, וואָס זאָל אילוסטרירן „די זאַנגען".

8. שרייב איבער די פאָלגנדע ווערטער פון „די זאַנגען": זאַנגען, געגאַנגען, אַראָפּגעהאַנגען און הער זיך גוט צו, ווי מ'רעדט זיי אַרויס.

9. שרײַב אויך איבער די פֿאָלגנדע ווערטער, וואָס האָבן די גרופּע בוכשטאַבן אנג אָדער אנק: באנק, דאנק, לאנג, דאנק, שלאנג, קראנק, געטראנק, דאנקען, דערלאנגען, פֿארלאנגען און שטרײַך אין זײ אונטער די אנג און אנק. זע, צי דו ווייסט, וואָס באַדײַטן אַט די אַלע ווערטער.

10. שטעל צונויף פֿינף זאַצן, וואָס אין יעדן זאַץ זאָל אַרײַן צו אײן וואָרט פֿון די, וואָס זײַנען געגעבן אין די פּאַראַגראַפֿן 8 אָדער 9; דאָס דאָזיקע וואָרט אין זאַץ שטרײַך אונטער, צ. ב.: דאָס קינד האָט זיך צוגעקילט און איז קראנק געוואָרן.

11. שרײַב איבער פֿון „די זאַנגען" די אַלע ווערטער, וואָס הײבן זיך אָן מיט אַ שטומען „א", אָדער וואָס ענדיקן זיך מיט אַ שלום־בוכשטאַב, אָדער וואָס האָבן אין זיך אָן „וי" אָדער אָן „ײ".

12. מאַך די פֿאָלגנדע איבונג:

| | | |
|---|---|---|
| דאַנקען | — איך האָב געדאַנקט, | דו האָסט געדאַנקט, |
| דערלאַנגען | — איך .................., | דו ......................, |
| פֿאַרלאַנגען | — איך .................., | דו ......................, |

ער האָט געדאַנקט.
ער ..................
ער ..................

13. מאַך די פֿאָלגנדע איבונג:

| | | |
|---|---|---|
| דער זאַנג | — | די זאַנגען. |
| דער גאַנג | — | .............. |
| דער דאַנק | — | .............. |
| דער געטראַנק | — | .............. |
| די שלאַנג | — | .............. |

14. מאַך פאָלגנדע איבונג:

איך האָב געהאַט אַ בוך
דו .............. אַ בוך
ער .............. אַ בוך
מיר .............. אַ בוך
איר .............. אַ בוך
זיי .............. אַ בוך

15. מאַך פאָלגנדע איבונג:

איך בין געווען אין פעלד
דו ............ אין פעלד
ער ............ אין פעלד
מיר ............ אין פעלד
איר ............ אין פעלד
זיי ............ אין פעלד

16. שרייַב אַראָפּ די פאָלגנדע ווערטער מיט זייערע אַרטיקלען: דאָס פעלד, דער זאַנג, די ערד, דער קערן, די הייַך, די ראָד, די פאַס, דער ליאַרעם.

17. שטעל צו דעם אַרטיקל „דער“, „די“ אָדער „דאָס“ צו די פאָלגנדע ווערטער: פּאָטער, זון, אינגל, פעלד, זאַנג, קאָפּ, שלאַנג.

מינדלאַכער שמועס:

1) וואַקסן זאַנגען אויף יעדן פּלאַץ?
2) וואָס דאַרף מען טאָן, אַז אויף אַ פעלד זאָלן וואַקסן זאַנגען?

3) ווער באַארבעט די ערד?
4) ווען פאַרזייט מען די פעלדער?
5) און ווען פאַרזייט מען אַ גאָרטן?
6) וואָס פאַר קערענער ווייסטו, פון וועלכע מ׳מאַכט ברויט?
7) וועלכע גאָרטן-פלאַנצן (גרינסן) ווייסטו?
8) וועלכע פרוכט-ביימער ווייסטו?
9) וועלכע פרוכט וואַקסן אויף זיי?

18. לייען איבער דאָס פאָלגנדע לידל שטילערהייט, דערנאָך הויך. נאָכדעם שרייב עס איבער און שטעל דערביי אַריין דעם פאַסיקן בוכשטאַב אויפ׳ן אָרט פון יעדן פאַסיקל:

## געפאַנגען.

דער פרילינג געקומע—, דער שניי —יז צעג—נגע—,
זיצט —ין אַ שטייגל אַ פ—גל געפ—נגע—.
עס קלינגט —יף די פעלדער דע— שניטערס געז—נגע—,
זיצט —ין אַ שטייגל אַ פ—גל געפ—נגע—.
דער טאָג —יז אַוועק, די זו— —יז פאַרג—נגע—,
זיצט —ין אַ שטייגל אַ פ—גל געפ—נגע—.
די נאַכט —יז געקומע—, די פענסטער פאַרה—נגע—,
זיצט —ין אַ שטייגל אַ פ—גל געפ—נגע—.

(פ. הירשביין)

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך

ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 15

---o---

## אַ קלוגער ענטפער.

צוויי אינגלאַך זײַנען געגאַנגען שפּאַצירן. זיי זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען פאַרבײַ אַ טיפער גרוב. פרעגט איינער בײַם אַנדערן:

— וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דו וואָלסט אַרײַנגעפאַלן אין דער גרוב?

— איך וואָלט געשריען און גערופן, מען זאָל ברענגען אַ לייטער און אַרויסנעמען מיך. — האָט דער אַנדערער געענטפערט.

— און ווען קיינער וואָלט דערבײַ ניט געווען און וואָלט דיר צו הילף ניט געקומען?

— דאַן וואָלט איך אַליין געלאָפן אַהיים, וואָלט גע־בראַכט אונזער לייטער און אַרויסגעקראָכן פון גרוב.

— און דײַן טאַטע וואָלט אויף דיר, דענקסטו, ניט געשריען, וואָס דו נעמסט די לייטער?

**— וואָס מײנסטו? מײַן טאַטע איז אַזאַ שלעכטער, אַז ער וואָלט מיר געזשאַלעוועט די לײַטער און וואָלט מיך געלאָזט שטאַרבן אין אַן ענגער און פינסטערער גרוב?**

1. לײענען איבער די זאַך שטילערהײט.

2. דערצײל מינדלאַך דעם אַנעקדאָט אַזוי, ווי דו וואָלסט געווען אײנס פון די אינגלאַך — דער וואָס שטעלט די פראַגן. הײב אָן אַזוי: אײנמאָל בין איך געגאַנגען שפּאַצירן מיט מײַנעם אַ פרײַנד. זײַנען מיר פאַרבײַגעגאַנגען פאַרבײַ אַ טיפער גרוב. פרעג איך בײַ מײַן פרײַנד: וואָס וואָלסטו געטאָן ............

3. וואו ליגט דער וויץ פון דעם אַנעקדאָט?

4. שרײַב אָן מיט דײַנע ווערטער דעם אַנעקדאָט אַזוי, ווי דער צווײטער אינגל — דער וואָס ענטפערט — וואָלט דאָס דערצײלט וועגן זיך. אײדער דו גיסט עס דעם לערער, קוק עס גוט איבער און זע, עס זאָלן דאָרט ניט זײַן קײן פעלערן.

5. שרײַב איבער אין העפט און פאַרגעדענק די פאָלגנדע שפּריכ־ווערטער:

1) אַ בלינדער איז קראַנק אויף די אויגן,
אַ שטומער איז קראַנק אויפ'ן מויל און
אַ נאַר — אויף אַלע גלידער.

2) אַז אַ נאַר שווײַגט, ווערט ער אויך גע־
רעכנט צווישן די קלוגע.

3) בעסער מיט א קלוגן צו פארלירן,
איידער מיט א נאר צוגעווינען.

וואָס פאַר אַלגעמיינס האָבן אָט די שפּריכווערטער מיט דעם אַנעקדאָט?

6. מאָל אָן אַ בילדעלע, וואָס זאָל עפּעס האָבן צו טאָן מיט דעם אַנעקדאָט.

7. שרייב אויס פון „אַ קלוגער ענטפער" אַלע ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ שטומען „א", און אויך די, וואָס ענדיקן זיך מיט אַ שלום-בוכשטאַב.

8. שרייב איבער די פאָלגנדע ווערטער פון „אַ קלוגער ענטפער": ברענגען, דענקסטו, ענגער און הער זיך גוט צו, ווי מען רעדט זיי אַרויס.

9. שרייב אויך איבער די פאָלגנדע ווערטער, וואָס האָבן די גרופּע בוכשטאַבן „ענג" אָדער „ענק": בענקלאַך, בענק, ענגשאַפט, געדענקען, שענקען, קרענקען, שווענקען, שטרענג, ענגליש. שטרייך אונטער ביים איבערשרייבן די ענג און ענק אין יעדן וואָרט.

10. וואָס באַטייטן אָט די אַלע ווערטער?

11. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| דענקען | — | איך דענק, | דו דענקסט, | ער דענקט. |
| בענקען | — | איך ........., | דו ..........., | ער .......... |
| שענקען | — | איך ........., | דו ..........., | ער .......... |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| שווענקען | — | מיר שווענקען, | איר שווענקט, | זיי שווענקען |
| קרענקען | — | מיר ........., | איר ............, | זיי ........... |
| ברענגען | — | מיר ........., | איר ............, | זיי ........... |

12. מאַך די פאָלגנדע איבונג:

| | | | |
|---|---|---|---|
| דענקען | — | איך האָב געדענקט, | דו האָסט געדענקט, |
| בענקען | — | איך ..................., | דו ..................., |
| שווענקען | — | איך ..................., | דו ..................., |
| ברענגען | — | איך ..................., | דו ..................., |

ער האָט געדענקט.
ער ...................
ער ...................
ער ...................

13. געדענק: ווען פאַר א „נג" אָדער „נק" הערט זיך דער קלאַנג „ײַ" שטעלט מען דאָרט אַלעמאָל אַן „ע"—ברענג, ענג, בענק א. א. וו.

14. שרײַב איבער די פאָלגנדע ווערטער מיט זייערע אַרטיקלען: דער זאַנג, דער קערן, דער נאַר, דער בלינדער, דער שטומער, דער ענטפער, די ערד, די גרוב, די הײַם, די לײַטער; דאָס גליד, דאָס קינד, דאָס מויל, דאָס פעלד.

15. שרײַב איבער די פאָלגנדע ווערטער מיט זייערע אַרטיקלען: דער גאָרטן, די פלאַנץ, דער בוים, דער עפּלבוים, דער באַרנבוים, דער עפּל, די באַר, די פלוים, די קאַרש, דער אַפּעלסין, דער אוגעריק, דער בוריק, די מער, די ציבעלע, דער פּאָמידאָר (די טאָמײַטאָ).

16. שטעל צו דעם ריכטיקן אַרטיקל (דער, די אָדער דאָס) צו פאָלגנדע ווערטער: — מוטער, — ברודער, — בלינדער, — קלוגער, — שוועסטער, — דאָקטער, — לערער, — באָבע, — זיידע, — מומע, — קינד.

17. שטעל צו דעם ריכטיקן אַרטיקל צו פֿאָלגנדע ווערטער:

— ערד, — הימל, — פֿעלד, — גרוב, — לײטער, — גליד, — האַנט, — באַק, — פֿוס, — אויג, — אויער.

18. מאַך פֿאָלגנדע איבונג:

דאָס פֿעלד — די פֿעלדער
דאָס קינד — די ..........
דאָס גליד — די ..........
דער קערן — די ..........

19. בילד אוים זאַצן, אַזוי אַז אין יעדן זאַץ זאָל זײַן אײנס פֿון די פֿאָלגנדע ווערטער:

1) אינגלאַך. 2) גרוב. 3) טאַטע. 4) נאַר.
5) בלינדער.

20. שטעל דעם ריכטיקן צײכן (.) אָדער (?) אין ענדע פֿון יעדן זאַץ:

אײן אינגל פֿרעגט בײַם אַנדערן
וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דו וואָלסט
אַרײַנגעפֿאַלן אין גרוב
וועט דיר ווער עס איז קומען צו הילף
איך וועל שרײַען און רופֿן צו הילף
אַ נאַר איז קראַנק אויף אַלע גלידער
מײַד אוים אַ נאַר

21. לײען איבער דאָס פֿאָלגנדע לידל אײנמאָל שטילערהײט און אײנמאָל הויך. נאָכדעם שרײַב עס אַראָפּ אין העפֿט און שטעל דערבײַ אַרײַן דעם פּאַסיקן בוכשטאַב אויפֿ'ן אָרט פֿון יעדן פּאַסיקל. פֿאַרגעדענק די באַדײַטונג פֿון פֿאָלגנדע ווערטער: שלענגלט זיך — דרײט זיך; אויבערבאַן — עלעווײטעד.

# די אויבערבאַן.

של—נגלט זי— די —ויבערבאַ—
ווי אַ בר—נע של—נג;
טראָגט זי זי— און —אָגט זי זי—
—יבער רעלס— ל—נג.
—ויבער, —ויבער, —ויבערבאַ—!
קלאַפּ— רעדער צו.
—ויבער, —ויבער, —ויבערבאַ—,
ווייסטו ניט קיין רו?
—אַ—, ווי קאָ— —יך רוע— דע—?
רו —יז ניט פאַר מיר.
צו דער אַרבעט פיר —יך —יצט
טאַטעס אָ— אַ שיר.
עס— דאַרפ— קינדער דאָ—
שיכלאַ— —ון אַ קלייד;
ווער זשע ווער דאָס שאַפ— אַל—,
ווער וועט מאַכ— גר—ט?

(י. גויכבערג)

22. דאָס לידל „די אויבערבאַן“ איז זייער אַ שיינס. ווען דו וועסט עס אָנשרייבן און פאַרריכטן די פעלערן, וואָס דו וועסט האָבן געמאַכט, לערן אוים דאָס לידעלע אויף אויסווייניק.

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך

ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 16

## אַ ריכטיקער ענטפער.

1

אַ מאַן איז געגאַנגען אין וועג. ער האָט געדאַרפט אין אַ דערבייאיק שטעטל. גייענדיק, איז ער צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, וואו דער וועג צעטיילט זיך און גייט אין צוויי ריכטונגען: איינע רעכטס, די אַנדערע לינקס.

אים איז צום ערשטן מאָל אויסגעקומען צו זיין אין דער געגנט, און ער האָט ניט געוואוסט, מיט וועלכן וועג צו גיין.

אויפ׳ן שיידוועג איז געזעסן אַ אינגל און ער האָט זיך רואיק געשפּילט. גייט צו אים צו דער מאַן און פרעגט:

„זאָג מיר, קינד, דורך וואָסער וועג גייט מען אין שטעטל אַריין?“

— דורך ביידע. — האָט דער אינגל רואיק געענט-

פערט. — נאָר אײנער פֿון זײ איז אַ קורצער און אַ ווײַטער, און דער אַנדערער — אַ לאַנגער און אַ נאָענטער.
דער מאַן איז אַוועק מיט׳ן קורצן וועג. אָבער ווען ער איז צוגעקומען נאָענט צום שטעטל, האָבן אים גער־טענער און סעדער פֿאַרצוימט דעם וועג. אַ צײַט האָט ער דאָרטן אַרומגעבלאָנדזשעט, און ענדלאַך האָט ער זיך געמוזט אומקערן צוריק.

2

ווען ער איז געקומען צום שײדוועג, האָט ער נאָך דאָרטן געטראָפֿן דעם אינגל זיצנדיק. גײט ער צו אים צו און זאָגט אים:
„פֿאַרוואָס האָסטו מיך אָפּגענאַרט? צי דען האָסטו ניט געוואוסט, אַז גערטנער און סעדער רינגלען אַרום דאָס שטעטל אויף אָט דעם וועג? וואָרום האָסטו מיר געזאָגט, אַז דער וועג איז אַ קורצער?“
— איך האָב אײַך דאָך געזאָגט, אַז דער וועג איז אַ קורצער און אַ ווײַטער. — האָט דער אינגל געענטפֿערט מיט אַ שמײכל.
דער מאַן האָט איצט פֿאַרשטאַנען, ווי קלוג דאָס קינד האָט אים געענטפֿערט. ער האָט זיך אײַנגעבויגן, אַ קוש געטאָן דאָס קינד און געזאָגט:
„וואויל איז צו דער שטאָט, וואָס האָט אַזעלכע קלוגע קינדער.“

1. לײענען איבער די זאַך שטילערהײט. נאָכדעם זאָלן צוויי אָדער מער קינדער איבערלײענען דאָס פֿאַר׳ן קלאַס.

2. דערקלער די אונטן געגעבענע ווערטער מיט אַנדערע לויט פאָלגנדן מוסטער מיט אײנעם אָדער עטלעכע ווערטער:

| | |
|---|---|
| דערבײַאיק — נאָענט | פאַרצוימט — ............ |
| פלאַץ — ............ | רואיק — ............ |
| ריכטונג — ............ | סעדער — ............ |
| געגנט — ............ | ארומגעבלאָנדזשעט — ......................... |
| שײדוועג — וואו וועגן צעטײלן זיך | רינגלען ארום — ........ |

3. דערצײל איבער די זאַך מיגדלאַך אַזוי, ווי דער מאַן וואָלט דאָס דערצײלט, ווי די זאַך האָט פּאַסירט מיט אים. הײב אָן צום בײַשפּיל אַזוי: „אַמאָל בין איך געגאַנגען אין וועג. איך האָב געדאַרפט אין אַ דערבײַאיק שטעטל ........“.

4. שרײַב אָן די זאַך אַזוי, ווי דאָס אינגעלע וואָלט דאָס דערצײלט. הײב אָן צ. ב. אַזוי: „אײן מאָל בין איך געזעסן אויף אַ וועג אין אַ פּלאַץ, וואו די וועגן צעטײלן זיך. גײט צו מיר צו אַ מאַן און פרעגט: .........“.

אײדער דו גיסט עם דעם לערער איבערצוקוקן, קוק עם אַלײן גוט דורך און זע, עם זאָלן דאָרט ניט זײַן קײַן פעלערן.

5. מאָל אָן אַ בילדעלע צו דער זאַך: ווי דאָס קינד זיצט בײַם שײדוועג און שפּילט זיך, אָדער — ווי דער מאַן בלאָנדזשעט אַרום אין די גערטנער אין שטעטל, אָדער עפּעס אַנדערש.

6. שרײַב איבער אין העפט און פאַרגעדענק די פאָלגנדע שפּריכווערטער:

1) אַ נאַר זאָגט, וואָס ער ווײס, אַ קלוגער ווײס, וואָס ער זאָגט.

2) אַ קלוג קינד איז אַ פרײד פאַר די עלטערן.

וואָס פאַר אַלגעמײנס האָבן אַט די שפּריכווערטער מיט דער זאַך ?

7. שרײַב אויס פון דער זאַך אַלע ווערטער, וואָס הײבן זיך אָן מיט אַ שטומען „א" אָדער מיט אַ שלום-בוכשטאַב.

8. שרײַב אויך איבער פאָלגנדע ווערטער: געגאַנגען, געוואוסט, אינגל, לאַנגער, אַרומגעבלאָנדזשעט, וואויל. — פאַרוואָס זײַנען אַט די ווערטער אויסגעקליבן אויף איבערצושרײַבן ?

9. שרײַב איבער די פאָלגנדע ווערטער, גענומען פון „אַ ריכ־טיקער ענטפער": דערבײַאיק, רואיק, באַמערק דעם „א" צווישן „ײַ" און „י" און צווישן „ו" און „י" אין מיט'ן וואָרט. ער איז אַ שטומער.

10. שרײַב אויך איבער פאָלגנדע ווערטער, וואָס האָבן אַזאַ שטומען „א" אין מיטן וואָרט: באַפרײַאונג, באַנײַאונג, פּײאיק, פּײאיקײַט. וואָס מײנען אַט די ווערטער?

11. שרײַב איבער די פאָלגנדע ווערטער מיט זײערע אַרטיקלען: דער מאַן, דער וועג, דער פלאַץ, דער שײדוועג, דער אינגל, דער גאָרטן, דער סאָד, די ריכטונג, די שטאָט, די געגנט, די פרײד, דאָס שטעטל.

12. שטעל צו דעם פּאַסיקן אַרטיקל — דער, די אָדער דאָס — צו די פאָלגנדע ווערטער: מאַן, אינגל, שוועסטער, פּוס, האַנט, פינגער, וועג, גאָרטן, שטאָט, בוך, הויז, שטעטל, לערער, לערערן, מומע, באָבע, זון, פרוי, קינד.

13. מאַך די פאָלגנדע איבונג:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| די האַנט | — | דאָס הענטעלע | — | די הענטעלאַך |
| די באַק | — | ................ | — | ................ |
| די האַק | — | ................ | — | ................ |
| דער קאַם | — | ................ | — | ................ |
| די שטאָט | — | דאָס שטעטעלע | — | די שטעטעלאַך |
| די זאָק | — | ................ | — | ................ |
| דער באָק | — | ................ | — | ................ |
| דער סאָד | — | ................ | — | ................ |
| דער גלאָק | — | ................ | — | ................ |
| דער פוס | — | דאָס פיסעלע | — | די פיסעלאַך |
| דער שוך | — | ................ | — | ................ |
| דאָס בוך | — | ................ | — | ................ |
| די נוס | — | ................ | — | ................ |

14. ווען איך זאָג: „אַ מאַן גייט אין וועג“, מיינט עס: ער גייט איצט. ווען איך זאָג אָבער: „אַ מאַן איז געגאַנגען אין וועג“, מיינט עס: ער איז געגאַנגען פריער.

15. נאָך יעדן פון די פאָלגנדע אויסדרוקן שטעל אַרײַן „איצט“ אָדער „פריער“; צ. ב. ער איז צוגעקומען צו אַ פלאַץ (פריער); גייט צו אים צו דער מאַן (איצט); ער האָט ניט געוואוסט (........); אויפ'ן שיידוועג איז געזעסן אַ אינגל (........); דער מענש איז אַוועקגעגאַנגען (........); מיר לערנען אין שול (........); דער לערער דערציילט אונז אַ שיינע געשיכטע (........).

16. <u>געדענק:</u> אויף אַ וואָרט, וואָס באַווײַזט,

אַז עפּעס ווערט געטאָן איצט, זאָגט מען: עס איז אין דער איצטיקער צײַט: אויף אַ וואָרט, וואָס באַווײַזט, אַז עפּעס איז געטאָן געוואָרן פֿריִער, זאָגט מען: עס איז אין דער פֿריִערדיקער אָדער אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט.

17. מאַך פֿאָלגנדע איבונג:

דאַרפֿן — ער האָט געדאַרפֿט
טײַלן — זי ..................
שפּילן — איך ..................
ענטפֿערן — מיר ..................
מוזן — דו ..................
זאָגן — איך ..................
פֿאַרצוימען — זיי ..................

18. מאַך פֿאָלגנדע איבונג:

קומען — ער איז געקומען
גייִן — זי ..................
זיצן — איך ..................
לויפֿן — דו ..................
שלאָפֿן — מיר ..................

19. מאַך פֿאָלגנדע איבונג:

זאָגן — איך האָב געזאָגט, דו האָסט געזאָגט, ער האָט געזאָגט
שפּילן — איך ............, דו ............, ער ............
לאַכן — איך ............, דו ............, ער ............
פֿרעגן — איך ............, דו ............, ער ............

20. מאַך פֿאָלגנדע איבונג:

זאָגן — מיר האָבן געזאָגט, איר האָט געזאָגט, זיי האָבן געזאָגט
שפּילן — מיר …………, איר …………, זיי …………
לאַכן — מיר …………, איר …………, זיי …………
פֿרעגן — מיר …………, איר …………, זיי …………

21. מאַך פֿאָלגנדע איבונג:

זיצן — איך בין געזעסן, דו ביסט געזעסן, ער איז געזעסן
גייִן — איך .. געגאַנגען, דו …………, ער …………
ליגן — איך .. געלעגן, דו …………, ער …………
קומען — איך .. געקומען, דו …………, ער …………
שלאָפֿן — איך .. געשלאָפֿן, דו …………, ער …………

22. מאַך פֿאָלגנדע איבונג:

זיצן — מיר זײַנען געזעסן, איר זײַט געזעסן, זיי זײַנען געזעסן
גייִן — מיר …………, איר …………, זיי …………
ליגן — מיר …………, איר …………, זיי …………
קומען — מיר …………, איר …………, זיי …………
שלאָפֿן — מיר …………, איר …………, זיי …………

23. גיב זאַצן, אין וועלכע יעדעס פֿון די פֿאָלגנדע ווערטער זאָל זײַן אײנמאָל אין דער איצטיקער צײַט און אײנמאָל אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט: שפּילן, לערנען, לאַכן, שרײַבן, העלפֿן. צ. ב. דאָס מײדעלע שפּילט אין קוקלעס (איצט); די לערערן האָט געשפּילט מיט די קינדער אין גאָרטן (פֿריער).

24. שטעל אַוועק דאָס פּאַסיקע וואָרט אויפ'ן אָרט פון די פּינטעלאַך:

## אַ פּאַסטוכל אַ טרוימער.

........ אַ פּאַסטוכל אַ טרוימער ליב געהאַט צום הימל קוקן:
........ זיך פון הינטער ביימער וועלף גענומען רוקן.
........ ציגעלאַך געמעקעט, ........ שעפעלאַך געבעקעט
און דעם פּאַסטוך מיט'ן שטעקן נישט געקאָנט דערוועקן.
ווען דאָס פּאַסטוכל דער טרוימער ........ צום הימל זיך פאַרקוקט,
........ וועלף פון הינטער ביימער טשערעדע פאַרצוקט.
ווען דאָס פּאַסטוכל דער טרוימער ........ אהיים זיך שוין געקליבן,
........ אונטער אַלע ביימער ביינדלאַך בלויז געבליבן.

(ז. וויינפּער)

א אַ אָ ב ג ד ה ו װ ױ ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 17

## די פֿייגעלאַך.

ס'איז געווען אַ רייַכער מאַן. האָט ער געהאַט אַ גרויסן סאָד. דער רייַכער מאַן האָט זייער ליב געהאַט די ביימער פאַר זייערע געשמאַקע פרוכט און די בלומען—פאַר זייער שיינקייַט און זיסן גערוך. ר'האָט אָבער פייַנט געהאַט די פייגעלאַך, ווייַל זיי פלעגן אים מיט זייער פּיפּטשען ניט לאָזן רואיק שלאָפן.

איז דער מאַן געקומען אין זייַן סאָד און האָט צע־שטערט אַלע פויגל־נעסטן.

די אָרימע פייגעלאַך זייַנען זיך צעפלויגן און האָבן זיך שוין מער ניט אומגעקערט אין סאָד. און דער רייַכער מאַן איז געווען זייער צופרידן.

ענדע זומער האָט דער באַלעבאָס צונויפגענומען די פרוכטן פון זייַן סאָד און האָט געקוואַלן פון דער גערע־טעניש.

ס'איז פאַרבײַ דער האַרבסט, דערנאָך דער ווינטער, און ס'איז ווידער געקומען דער פרילינג. נאָר ס'האָבן זיך ניט צוריקגעקערט אין סאָד די פאַרטריבענע פייגעלאַך, און זייער פּיפּטשען האָט זיך שוין דאָרט מער ניט געהערט.

דערפאַר אָבער האָבן זיך אין סאָד אויסגעהאָדעוועט זייער פיל ווערים, וואָס האָבן אָפּגעפרעסן סײַ די בליטן, סײַ די בלעטער פון די ביימער; און אַז ס'איז געקומען דער זומער, איז אין סאָד קיין פרוכט ניט געווען.

איצט האָט דער באַלעבאָס פון סאָד פאַרשטאַנען, אַז די פייגעלאַך האָבן פאַרהיט זײַן גאָרטן פון די ווערים. ס'האָט אים איצט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט די פייגעלאַך פאַרטריבן.

1. לייען איבער די זאַך פאַר זיך.

2. דערקלער די פאָלגנדע ווערטער מיט אַנדערע לויט פאָלגנדן מוסטער:

| | |
|---|---|
| אַ סאָד — אַ גאָרטן | געקוואָלן — ................ |
| פּיפּטשען — ............ | פאַרטריבענע — .......... |
| צעשטערט — ............ | אויסגעהאָדעוועט זיך.. |
| אָרימע — ............ | אָפּגעפרעסן — ............ |

3. דערציל איבער די זאַך מינדלאַך, אַזוי ווי דער רײַכער מאַן וואָלט עס דערציילט וועגן זיך. הייב אָן אומגעפער אַזוי: „איך האָב געהאַט אַ גרויסן סאָד מיט פאַרשידענע ביימער. איך האָב ליב געהאַט יעדעס ביימעלע און יעדעס בלימל אין גאָרטן" א. א. וו. זאָל די גאַנצע זאַך איבערגעגעבן ווערן אין דער פאַרגאַנגענער צײַט.

4. גיב איבער שריפטלאך דאָס מעשה'לע (מײַסעלע), אַזוי ווי די פֿייגעלאַך וואָלטן דאָס דערציילט. הייב אָן אומגעפּער אַזוי: „מיר האָבן געוואוינט אין אַ רײַכן גאָרטן. דער באַלעבאָס פֿון גאָרטן איז געווען אַ רײַכער מאַן. ער האָט ליב געהאַט דעם גאָרטן, אָבער ער האָט פֿײַנט געהאַט אונזער פּיפּטשען און צוויטשערן. איינמאָל.....".

פֿאַר'ן אַוועקגעבן דעם לערער, קוק איבער, וואָס דו האָסט אָנגעשריבן, און זע, עס זאָלן דאָרט ניט זײַן קיין פֿעלערן.

5. אילוסטריר דאָס מעשה'לע (מײַסעלע): מאָל, צ. ב. אָן אַ בוים אין גאָרטן דאָס ערשטע יאָר אָדער אַ בוים אין גאָרטן דאָס צווייטע יאָר.

6. שרײַב אויס פֿון „די פֿייגעלאַך" אַלע ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ שטומען „א" אָדער וואָס ענדיקן זיך מיט אַ שלום-בוכשטאַב, ווי אויך אַלע ווערטער, וואָס האָבן אַן „ױ" אָדער „ײ".

7. שרײַב איבער די פֿאָלגנדע ווערטער, גענומען פֿון „די פֿייגעלאַך": ס'איז, ר'האָט, ס'האָבן, ס'האָט. באַמערק דעם צייכן (מ'רופֿט אים „אַפּאָסטראָף") צווישן „ס" און „איז" און צווישן „ר" און „האָט", אויך אין די אַנדערע ווערטער. „ס'איז" איז פֿאַרקירצט פֿון „עס איז"; „ר'האָט" — פֿון „ער האָט". „ס'האָבן" — פֿון „עס האָבן".

פֿון וואָס איז פֿאַרקירצט „ס'האָט"?

8. מען קאָן אויך פֿאַרקירצן אַזעלכע אויסדרוקן:

איך לאַך — אין כ'לאַך, איך האָב — אין כ'האָב; מען קאָן — אין מ'קאָן; מען איז — אין מ'איז א. ד. ג.

9. פאַרקירץ די אונטן געגעבענע אויסדרוקן לויט דעם פאָל־גנדן מוסטער:

איך גיי — כ׳גיי; עס לאַכט — ........; עס שײַנט — ........; מען לויפט — ........; עס האָט — ........; עס קומען — ........; ער האָט — ........; מען ווייס — ........; עס הייסט — ........; איך זאָג — .........

10. מ׳קאָן אויך פאַרקירצן אַזעלכע אויסדרוקן: „דו האָסט" אין „דו׳סט"; „ער האָט" — אין „ער׳ט; „איר האָט"; — אין „איר׳ט. —

11. וואָס מיינען פאָלגנדע אויסדרוקן: ער׳ט צוגעגרייט זײַנע לעקציעס; דו׳סט געמאַכט אַ פעלער; ר׳האָט מיך אָפּגע־נאַרט; כ׳וועל דורכליינען דאָס בוך. מ׳האָט אונז אײַנגע־לאַדן צו אַ פאָרשטעלונג; עס׳ט גערעגנט.

12. גיב דו פינף זאַצן, אין וועלכע דו זאָלסט באַנוצן די פאַר־קירצטע אויסדרוקן מיט כ׳, ס׳, מ׳, ר׳, ׳ט.

13. מאַך די פאָלגנדע איבונג:

| | | איצטיקע צײַט: | פאַרגאַנגענע צײַט: |
|---|---|---|---|
| מאַכן | — | איך מאַך | איך האָב געמאַכט |
| לאַכן | — | דו ...... | דו .................. |
| זאָגן | — | ער ...... | ער .................. |
| פרעגן | — | זי ...... | זי .................. |
| ענטפערן | — | מיר ...... | מיר .................. |
| דריקן | — | איר ...... | איר .................. |
| שטערן | — | זיי ...... | זיי .................. |

14. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | איצטיקע צײַט: | פאַרגאַנגענע צײַט: |
|---|---|---|
| קומען — | איך קום | איך בין געקומען |
| גייִן — | דו ...... | דו ................ |
| שטייִן — | ער ...... | ער ................ |
| זיצן — | זי ...... | זי ................ |
| ליגן — | מיר ...... | מיר ................ |
| פאָרן — | איר ...... | איר ................ |
| פליען — | זיי ...... | זיי ................ |

15. געדענק: ווען אַ וואָרט רעדט וועגן איין זאַך, זאָגט מען: עס איז אין „איינצאָל". ווען אַ וואָרט אָבער רעדט וועגן צוויי אָדער מער זאַכן, זאָגט מען: עס איז אין „מערצאָל". ווען איך זאָג: „אַ קינד לערנט", רעדט זיך דאָ וועגן איין קינד; איז דאָס וואָרט „קינד" אין איינצאָל. ווען אָבער איך זאָג: „קינדער לערנען" — רעדט זיך דאָ וועגן מער ווי איין קינד, ווייניקסטנס וועגן צוויי; איז דאָס וואָרט „קינדער" אין מערצאָל. דאָס זעלבע איז ווען מיר זאָגן: „ער גייט", רעדט דאָס וואָרט „גייט" וועגן איינעם. ווען מיר זאָגן אָבער „זיי גייען", רעדט דאָס וואָרט „גייען" מער ווי וועגן איינעם. „גייט" איז דעריבער אין איינצאָל, און „גייען" — אין מערצאָל.

16. שטרײַך אונטער אין די פאָלגנדע זאַצן מיט איין פּאַסיק די ווערטער און אויסדרוקן, וואָס זײַנען אין איינצאָל, און מיט צוויי פּאַסיקעס די ווערטער און אויסדרוקן, וואָס זײַנען אין מערצאָל.

**אַ מאַן האָט געהאַט אַ סאָד. אין סאָד זײַנען געוואַקסן בלומען און פאַרשידענע פּרוכטן. אין סאָד האָבן**

געלעבט פייגעלאַך. די פייגעלאַך האָבן דאָרט געהאַט זייערע נעסטן. דער מאַן האָט צעשטערט די נעסטן פון די פייגעלאַך.

17. גיב די מערצאָל פון די פאָלגנדע ווערטער:

| אײנצאָל: | | מערצאָל: |
|---|---|---|
| דער טיש | — | די טישן |
| דער שטול | — | .. ............ |
| די בלום | — | .. ............ |
| די פרוכט | — | .. ............ |
| דאָס פייגעלע | — | .. ............ |
| דאָס ביימעלע | — | .. ............ |

18. גיב די מערצאָל פון די פאָלגנדע אויסדרוקן:

| אײנצאָל: | | מערצאָל: |
|---|---|---|
| ער לויפט | — | זיי לויפן |
| איך בין געגאַנגען | — | מיר זיינען געגאַנגען. |
| דו שרייבסט | — | ............ ............ |
| ער האָט געלייענט | — | ............ ........ .... |
| אַ קינד שפּילט זיך | — | קינדער שפּילן זיך. |
| אַ האָן קרייעט | — | .............. ........ |
| אַ ווינט האָט געבלאָזן | — | .... ........ ........ |
| דער שטערן פינקלט | — | .... ........ ........ |
| דאָס פייגעלע זינגט | — | .... ........ ........ |
| די מוטער קושט איר קינד | — | .... ........ ........ |

19. גיב די אײנצאָל פון די פאָלגנדע װערטער:

| אײנצאָל: | | מערצאָל: |
|---|---|---|
| דער מאַן | — | די מענער |
| ...... .......... | — | די סעדער |
| ...... .......... | — | די גערטנער |
| ...... .......... | — | די בײמער |
| ...... .......... | — | די בלומען |
| ...... .......... | — | די װערטער |
| ...... .......... | — | די קינדער |

20. גיב די אײנצאָל פון די פאָלגנדע אױסדרוקן:

| אײנצאָל: | | מערצאָל: |
|---|---|---|
| דער אינגל איז געלאָפן. | — | די אינגלאַך זײַנען געלאָפן |
| ...... .......... ............ | — | די פײגעלאַך זינגען |
| ...... .......... ............ | — | די בײמער װאַקסן |
| .................... | — | די װערים האָבן צעפרעסן די בלעטער |
| .................... | — | די פײגעלאַך האָבן אױפגעבױט נעסטן |

21. דערצײל איבער מינדלאַך דאָס מעשה׳לע (מײַסעלע) „די פײגעלאַך" אַזױ, װי אײן פײגעלע װאָלט דאָס דערצײלט װעגן זיך און זײַנע פרײַנד.

22. לײען איבער דאָס פאָלגנדע אײן מאָל שטילערהײט און אײנמאָל פאַר׳ן קלאַס. דערנאָך שרײַב עס איבער און שטעל אַרײַן דעם געהעריקן בוכשטאַב אױפ׳ן אָרט פון יעדן פּאַסיקל.

—עגער זײַנע— געזועס—, —ון —עדער —ײַנער פו— זײַ האָט דערצ—לט עפּעס װעג— זײַ— דר—סטקײַט. האָט —ײַנער פו— זײַ דערצ—לט אַז—:

—ײַנמאָל בי— אי— געג—נגע— —ײַנער אַלײַ— —ין װעג. פּלוצי— דערזע אי—, אַ גר—סע באַשעפעניש ליגט —ויסגעצ—גן אוי— דער ערד בײַ— װעג.

—יך ג— צו, זע —יך, ס— —יז אַ בער.

כ—האָב זי— ניט דערשראָק— פאַר אי—. —יך האָב אַר—סגענומע— מײַ— —אַגד־מעסער, אָפּגעשניט— בײַ —ים אַ פוס —ון בי— אַװעק.

—ון פאַרװאָס האָסטו שוי— בעסער ניט אָפּגעשניט— בײַ— בער דע— קאָ—? — האָט —ײַנער פו— די —עגער פאַרװו—נדערט געפרעגט.

— װע— —יך האָב געפונע— דע— בער, — האָט דער —עגער געענטפערט, — האָט ער שוי— קײַן קאָ— ניט געהאַט.

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 18

---o---

## די נעסט.

מאָטל האָט באַמערקט אַ נעסט פֿון פֿײַגעלאַך אויף אַ בוים. ער האָט געוואָלט צונעמען די יונגינקע פֿײַגעלאַך און גענומען קלעטערן אויפֿ׳ן בוים.

די מוטער־פֿויגל האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס דער אינגל וויל דאָ טאָן, און זי האָט אים געוואָלט אָפּנאַרן. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון איר נעסט, איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ערד און גענומען אומוואַרפֿן זיך און צווישטשערן אַזוי אומעטיק, ווי זי וואָלט געהאַלטן בײַם אויסגיין.

מאָטל איז גלײַך אַראָפּ פֿונ׳ם בוים און איז צוגעגאַנגען צום פֿויגל, וואָס האָט זיך אומגעוואָרפֿן אויף דער ערד.

אָבער ווי נאָר ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צום פֿײַגעלע און געוואָלט עס כאַפּן, האָט זיך דאָס פֿײַגעלע אויפֿגעהויבן, איז אָפּגעפֿלויגן אַביסל ווײַטער און זיך ווידער צוגעזעצט.

מאָטל איז נאָכגעלאָפן נאָך אים; אָבער ווי נאָר ער איז צוגעקומען צום פֿייגעלע, האָט זיך דאָס פֿייגעלע ווידער אויפגעהויבן און אָפּגעפלויגן ווײַטער. מאָטל איז ווידער נאָכגעלאָפן נאָך אים.

אַזוי האָט אים דאָס פֿייגעלע פֿאַרנאַרט און אָפּגעפֿירט ערגעץ אין אַ זײַט, ווײַט פֿון דער נעסט.

דעמאָלט האָט זיך דאָס פֿייגעלע אויפגעהויבן און איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן. מאָטל האָט נאָכדעם אַ לאַנגע צײַט ווידער געזוכט דעם בוים מיט דער נעסט; אָבער אומזיסט! ער האָט זי מער ניט געקאָנט געפֿינען.

1. לייען איבער די זאַך.

2. פֿאַרטײַטש די פֿאָלגנדע ווערטער מיט אַנדערע:

| | | |
|---|---|---|
| באַמערקט | — | ............ |
| קלעטערן | — | ............ |
| צוויטשערן | — | ............ |
| אומעטיק | — | ............ |
| אויסגיין | — | ............ |
| ווידער | — | ............ |
| דעמאָלט | — | ............ |
| פֿאַרשוואונדן געוואָרן | — | ............ |

3. דערציי̈ל איבער די זאַך אַזוי, ווי דאָס וואָלט פּאַסירט ניט מיט מאָטלען אַליין, נאָר מיט מאָטלען און נאָך איינעם — לייבלען. הייב אָן אומגעפֿער אַזוי: „מאָטל און לייבל האָבן באַמערקט אַ נעסט פֿון פֿייגעלאַך אויף אַ בוים. זיי האָבן געוואָלט ........

4. שרײַב אָן די זאַך מיט דײַנע ווערטער ניט קוקנדיק אין בוך. שרײַב עס אָן אַזוי, ווי דאָס פֿייגעלע, וואָלט דאָס דערציילט.

5. מאָל אָן אַן אילוסטראַציע: ווי מאָטל קלעטערט אויפ'ן בוים, אָדער אַ נעסט מיט פֿייגעלאַך, אָדער ווי דאָס פֿייגעלע וואַרפֿט זיך אום אויף דער ערד א. ד. ג.

6. שרײַב איבער פֿון דער זאַך פֿאָלגנדע ווערטער: פֿייגעלאַך, יונגינקע, פֿויגל, אינגל, צווײַטשערן, אומעטיק, צוגעגאַנגען, אויפֿגעהויבן, ערגעץ, פֿאַרשוואונדן, נאָכדעם, לאַנגע, בוים, אומזיסט.

7. שרײַב איבער די פֿאָלגנדע ווערטער פֿון „די נעסט“: אויפ'ן (בוים), בײַם (אויסגײַן), פֿונ'ם (בוים), צום (פֿויגל).

8. באַמערק: אויפ'ן — מיינט: אויף דעם; בײַם — מיינט: בײַ דעם; פֿונ'ם — מיינט: פֿון דעם; צום— מיינט: צו דעם.

9. און וואָס מיינט: ביז'ן? דורכ'ן? אונטער'ן? איבער'ן? אינ'ם? אָנ'ם?

10. באַמערק: אין די אַלע ווערטער — אויפ'ן, דורכ'ן איבער'ן, פֿונ'ם, אינ'ם, א. ד. ג. שטעלט מען אַן „אַפּאָסטראָף (') פֿאַר'ן „ן“ אָדער „ם“. בלויז אין „צום“ און „בײַם“ איז קיין אַפּאָסטראָף ניטאָ.

11. שרײַב איבער די פֿאָלגנדע זאַצן און פֿאַרקירץ אין זיי די אויסדרוקען „פֿון דעם “ אין „פֿונ'ם“, „אויף דעם“ אין „אויפ'ן“ א. ד. ג.

1) שטערן שײַנען אויף דעם הימל.
2) ביימער וואַקסן בײַ דעם וועג.
3) פֿייגל מאַכן זיך נעסטן אונטער דעם פֿרײַען הימל.

4) דאָס פֿײַגעלע האָט זיך אויסגעלאַכט פֿון דעם אינגל.
5) מאָטל איז צוגעגאַנגען צו דעם בוים.

12. גיב צו דעם ריכטיקן אַרטיקל — דער, די אָדער דאָס — צו די פֿאָלגנדע ווערטער: נעסט, מוטער, אינגל, פֿײַגעלע, מײדל, האָן, הונט, קו.

13. שרײַב איבער די פֿאָלגנדע ווערטער מיט זייערע אַרטיקלען: דער בוים, די ערד, דער פֿויגל, די זײַט, די צײַט, דער צווײַג, דאָס בלאַט, דער שטאַם, די פֿרוכט, דער פֿליגל, די פֿעדער.

14. שטעל די פֿאָלגנדע ווערטער אין מערצאָל:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| די נעסט | — | די נעסטן | דאָס פֿײַגעלע | — | די פֿײַגעלאַך |
| דער טיש | — .. | ........ | דאָס בײמעלע | — .. | .......... |
| דער שטול | — .. | ........ | דאָס הײַזעלע | — .. | .......... |
| די ליפּ | — .. | ........ | דאָס בלעטעלע | — .. | .......... |
| די באַק | — .. | ........ | דאָס אײגעלע | — .. | .......... |
| די צונג | — .. | ........ | דאָס בעקעלע | — .. | .......... |
| דאָס אויג | — .. | ........ | דאָס מײדעלע | — .. | .......... |
| דאָס אויער | — .. | ........ | דאָס ליפּעלע | — .. | .......... |

15. גערעדענק: די מערצאָל פֿון „איך" איז „מיר"; פֿון „דו" — „איר"; פֿון „ער" אָדער פֿון „זי" — „זיי". די מערצאָל פֿון פֿויגל איז פֿײגל אָדער פֿויגלען.

16. שטעל אין מערצאָל די פֿאָלגנדע אויסדרוקן אַזוי:

דער אינגל איז געלאָפֿן — די אינגלאַך זײַנען געלאָפֿן.
דאָס פֿײַגעלע איז אַוועקגעפֿלויגן — ..........

זי איז צוגעגאַנגען — ..............................

איך בין דער לערער — ..............................

דו ביסט דער שילער — ..............................

דער שילער האָט געשריבן — ......................

איך האָב געמאַכט אַ פעלער — ....................

דער ברודער האָט מיר געהאָלפן — ...............

17. שטעל אין אײַנצאָל די פאָלגנדע אויסדרוקן אַזוי:

די שטערן האָבן געלויכטן — דער שטערן האָט געלויכטן.

די בײַמער זײַנען געוואַקסן — דער בוים איז געוואַקסן.

די פײַגעלאַך האָבן געזונגען — ......................

איר האָט גוטע ביכער — ..............................

מיר זײַנען צופרידן — ..............................

זײַ זײַנען אַנטלאָפן — ..............................

איר זײַט געקומען פרי — ..............................

מיר האָבן געלײַענט ביז שפּעט — ......................

18. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אָפּפליען | — | איך פלי אָפּ, | דו פליסט אָפּ, | ער פליט אָפּ. |
| צונעמען | — | איך נעם צו, | דו ..........., | ער .......... |
| אַראָפּפאַלן | — | איך ......, | דו ..........., | ער.......... |
| צוגײַין | — | איך ......, | דו ..........., | ער.......... |
| נאָכלויפן | — | איך ......, | דו ..........., | ער.......... |

19. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אָפּפליען | — | מיר פליען אָפּ, | איר פליט אָפּ, | זײַ פליען אָפּ. |
| צונעמען | — | מיר ........., | איר ........., | זײַ .......... |
| אַראָפּפאַלן | — | מיר ........., | איר ........., | זײַ .......... |
| צוגײַין | — | מיר ........., | איר ........., | זײַ .......... |
| נאָכלויפן | — | מיר ........., | איר ........., | זײַ .......... |

20. שרײַב איבער „די נעסט“ עס זאָל זײַן אינגאַנצן דערצײלט אין דער איצטיקער צײַט. הײב אָן אַזױ: „מאָטל באַמערקט אַ נעסט פֿון פֿײגעלאַך אויף אַ בוים. ער וויל צונעמען די יונגינקע פֿײגעלאַך און נעמט קלעטערן“........

21. לײען איבער פֿאַר זיך די פֿאָלגנדע שורות, (שורעס), דערנאָך שרײַב עס איבער און שטעל אַרײַן אויף דעם אָרט פֿון יעדן פּאַסיקל דעם ריכטיקן בוכשטאַב אָדער צײכן און אויפֿ'ן אָרט פֿון די פֿיל פּינטעלאַך דאָס פּאַסיקע וואָרט.

**אַ —ינגעלע ...... זי— אַמאָל דערטראַכט, ווי ער זאָל געד—נקע—, וו—ו ער לײגט זײַנע זאַכ—. ער ...... גענומע— אַ שטיקל פּאַפּיר —ון פֿאַרשריב—: מײַנע קלײדער ...... אויפֿ—ן שטול; די שי— ...... —נטער— שטול; ...... העפֿטען ...... —ינ—ם בו—; ...... ביכער ...... —ין רענצל; דאָס רענצל ...... —ויפֿ—ן טיש; ...... טיש ...... —ין קאַבינעט, —ון —יך בי— —ין בעט. —ון דאָס צעטל ...... ער —נטערגעלײגט —נטער—ן קיש—. —**

22. מינדלאַכער שמועס:

1) וואו מאַכן זיך די פֿײגל זײערע נעסטן?
2) פֿון וואָס מאַכן זײ זײערע נעסטן?
3) פֿאַרוואָס פֿליען פֿון אונז אַוועק די מערסטע פֿײגל אויף ווינטער?
4) וואוהין פֿליען זײ אַוועק?
5) וואָס מײנט אַ רויבפֿויגל?
6) וואָס מײנט אַ זינגפֿויגל?

געדענק די פֿאָלגנדע רויבפֿײגל: דער אָדלער, דער האַביכט, דער לאַכפֿויגל, די קראָ.

געדענק די פֿאָלגנדע זינגפֿײגל: די נאַכטיגאַל, דער קאַנאַריק, די לערכע.

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 19

## די גאַנז מיט די גאָלדענע אײַער.

אַ מענש האָט געהאַט אַ גאַנז. די גאַנז האָט געלײגט גאָלדענע אײַער. יעדן טאָג האָט זי געלײגט אײן גאָלדן איי.

איז אָבער דער מענש געווען ניט צופרידן, וואָס ער באַקומט די גאָלדענע אײַער ביסלאַכווײַז. ער האָט גע־וואָלט באַקומען אַלע גאָלדענע אײַער פון דער גאַנז מיט אַמאָל.

האָט ער גענומען די גאַנז און זי געקוילעט. אָבער ווען ער האָט אויפגעשניטן דעם בויך פון דער גאַנז — טרעפט, וואָס האָט ער אין איר געפונען ? — בלויז דאָס, וואָס אין אַלע אַנדערע גענז: געוויינלאַכע געדערים.

1. לײענט איבער די זאַך.

2. דערצײל איבער מינדלאַך די זאַך אַזוי, ווי זי וואָלט געווען וועגן אַ מאַן און אַ פרוי. הײב אָן אומגעפער אַזוי: אײנמאָל זײַנען געווען אַ מאַן און אַ פרוי. האָבן זײ געהאַט אַ גאַנז, וואָס האָט געלײגט גאָלדענע אײער. זײַנען אָבער דער מאַן און די פרוי ניט געווען צו־פרידן ..........

3. וואָס איז דער געדאַנק פון דער זאַך?

4. שרײַב אַרײַן אין העפט די פאָלגנדע שפּריכווערטער און פאַרגעדענק זײ:

1) געיאָגט זיך נאָך פיל, געכאַפּט גאָרנישט.
2) זיך געיאָגט נאָך צװײ האָזן, קײן אײנעם ניט געכאַפּט.

וואָס פאַר אַלגעמײנס האָבן אָט די שפּריכווערטער מיט דעם מעשה׳לע (מאַיסעלע)?

5. שנײַד אויס פון פּאַפּיר פאַרשידענע פײגל, הויפּטזאַכלאַך הויזפײגל; קלעפּ זײ אָן אויף אַ פּאַפּיר און שרײַב אונטער יעדן זײַן נאָמען.

6. שרײַב אויס פון דער זאַך אַלע ווערטער, וואָס הײבן זיך אָן מיט אַ שטומען „א“, אָדער וואָס ענדיקן זיך מיט אַ שלום־בוכשטאַב, אָדער וואָס האָבן אַן „ײ“ אָדער „וי“.

7. שרײַב איבער די פאָלגנדע ווערטער: גאַנז, מענש.

באַמערק: זײ לײענען זיך ווי גאַנדז, מענטש. פונקט אַזוי ווערן געלײענט: אונז — ווי אונדז, בענשן — ווי בענטשן, ווינשן — ווי ווינטשן; אויך: האַלז — ווי האַלדז; פענסטער — ווי פענצטער; פינסטער — ווי פינצטער, עלטסטער — ווי עלטצטער.

8. שרײַב אַראָפּ די ווערטער: אונז, אונזער, האַלז, העלזער, בענש, בענשן, ווינשן, וואונש, פענסטער, פינסטער, עלטסטער און פאַרגעדענק, ווי זײ שרײַבן זיך.

9. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| אײנצאָל | | מערצאָל | פאַרקלענערטע פאָרם |
|---|---|---|---|
| די גאַנז | — | די גענז | דאָס גענזעלע |
| די האַנט | — | ...... .. | ............ .... |
| די וואַנט | — | ...... .. | ............ .... |
| די נאַכט | — | ...... .. | ............ .... |
| דער קאָפּ | — | די קעפּ | דאָס קעפּעלע |
| דער טאָפּ | — | ...... .. | ............ .... |
| דער קנאָפּ | — | ...... .. | ............ .... |
| די נאָז | — | ...... .. | ............ .... |
| דער פוס | — | די פיס | דאָס פיסעלע |
| די נוס | — | ...... .. | ............ .... |
| די קו | — | ...... .. | ............ .... |

10. אין די פאָלגנדע שורות (שורעס) שטרײַך אונטער מיט איין פּאַסיקל אַלע ווערטער, וואָס זײַנען אין אײנצאָל, און מיט צוויי פּאַסיקלאַך אַלע ווערטער, וואָס זײַנען אין מערצאָל:

יאָסעלע איז געקומען פון רוסלאַנד אין אַמעריקע. זײַנע עלטערן און די גאַנצע פאַמיליע האָבן געוואוינט אין ניו־יאָרק. און עס איז געקומען די צײַט, ווען מ׳האָט יאָסעלען געדאַרפט אין סקול אָפּגעבן.

די מוטער האָט אים בײַ דער האַנט גענומען און אין סקול געפירט. בערל, זײַן ברודערל, האָט יאָסעלען

אַרײַנגעפירט אין אַ גרויסן זאַל. אין זאַל זײַנען געזעסן קינדער. אויף דעם באַלעמער זײַנען געשטאַנען די לערער און לערערנס. מען האָט געשפּילט אויף עפּעס אַן אינ־סטרומענט, און די קינדער האָבן אַלע מיטגעזונגען אַ ליד.

11. שטעל אין מערצאָל די פאָלגנדע אויסדרוקן אַזוי:

1) אַ גאַנז האָט געלייגט אַן איי — גענז האָבן געלייגט אייער.
2) אַ פרוי האָט געהאַט אַ גאַנז — ........................
3) אַן ארבעטער אַרבעט שווער — ........................
4) אַן אָרימער מענש האָט אָפט ניט וואָס צו עסן — ..........
5) דאָס דאָזיקע קינד העלפט אַרויס זײַנע עלטערן — ..........
6) דאָס פייגעלע האָט זיך אויפגעבויט אַן נעסט — ............
7) אַ שלעכט קינד האָט צעשטערט די נעסט פון׳ם פייגעלע — ..

12. באַמערק, ווי מיר זאָגן: אַ פרוי, אַ גאַנז, אַ מענש, אָבער אַן איי, אַן אַרבעטער, אַן אָרימער מענש. מען שרײַבט אויך: אַן עפּל, אַן עמער, אַן אָקס, אַן אויער.

13. פיר אַליין אַרויס דעם כלל (קלאַל), ווען מיר זאָגן „אַ“ און ווען „אַן“.

14. שטעל צו „אַ“ אָדער „אַן“ צו די פאָלגנדע ווערטער: שטול, אויג, אויוון, הון, קו, אינדיק, אייזל, הויז, ענטל, טיש, זעג, איי, אַרבעטער, אָדלער, אוגע־ריק.

15. שטעל „אַ“ אָדער „אַן“ פאַר די פאָלגנדע אויסדרוקן: הייסער אויוון, אַלטער מאַן, אַנדער גאַנז, גאָלדן איי, ענגלישע שול.

16. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | איצטיקע צײַט: | פאַרגאַנגענע צײַט: |
|---|---|---|---|
| האָבן | — | איך האָב | איך האָב געהאַט |
| לייִגן | — | דו ........ | דו ................ |
| זײַן | — | ער ...... | ער ................ |
| באַקומען | — | זי ........ | זי .................. |
| ווען | — | מיר ...... | מיר .............. |
| נעמען | — | איך ...... | איך .............. |
| געפינען | — | זייִ ........ | זייִ ................ |

17. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | איצטיקע צײַט: | פאַרגאַנגענע צײַט: |
|---|---|---|
| אויפעפענען | איך עפן אויף | איך האָב אויפגעעפנט |
| | דו ............ | דו .......................... |
| | ער ............ | ער ......................... |
| | מיר .......... | מיר ......................... |
| | איך ... ...... | איך ......................... |
| | זייִ ............ | זייִ .......................... |

18. לייִען איבער דאָס פאָלגנדע לידל, דערנאָך שרײַב עס איבער און שטעל אַרײַן דעם ריכטיקן בוכשטאַב אויפ׳ן אָרט פון יעדן פּאַסיקל.

ליג —יך מיר בײַ— פענ—טער,
רו—יק —ויסגעצויג—,
קוק אַרוי— צו— הימל,
דרײַם ניט אָפּ די —ויגן:
וואָס זאָל דאָרט— זײַ—?

—ון אי— בלאָנ——שע —ומעט
—יבער וו—ונדער שטעג—,
—יבער בל—ע פעלדער,
—יבער קלאָרע— וועג—
—ין אַ צ—בער לאַנד.
—ון מײַ— בליק, ער טרינקט זי—,
אַלצדינג ווערט פּאַרפל—ג—.
—ון —יך פיל, ווי עמי—
מאַכט מיר צו די ——גן,
שעפּ——עט: שלאָ— געזונט!

19. מינדלאַכער שמועס:

1) וועלכע הויז־פײַגל ווײַסטו?
2) וועלכע אַנדערע הויז־באַשעפענישן ווײַסטו?
3) וואָס פאַר נוצן ברענגען אונז די הויז־פײַגל?
4) וואָס פאַר נוצן ברענגט אונז די קו?
5) וואָס פאַר נוצן ברענגט אונז דאָס פערד?
6) וואָס פאַר נוצן ברענגט אונז די שעפּס?

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ז ח ט י כ ך

ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 20

## דער הונגעריקער וואַנדערער.

אַן אַראַבער האָט געוואַנדערט אין אַ וויסטעניש. ער איז געווען זייער הונגעריק. שוין צוויי טעג ווי ביי אים איז אויסגעגאַנגען זיין גאַנץ עסנוואַרג.

אויפ׳ן דריטן טאָג איז ער צוגעקומען צו אַ ברונעם, פון וועלכן דורכגייער טרינקען און זייערע קעמלען. ער האָט פון דער ווייטן דערזען אויפ׳ן זאַמד ביים ברונעם אַ זעקעלע.

ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט. ער האָט געטראַכט: „דאָס מוז זיין אַ זעקעלע מיט ברויט אָדער מיט טייטלען, וואָס איינער פון די דורכפאָרער האָט פאַרלאָרן. איצט וועל איך שוין שטילן מיין הונגער“.

ער איז צוגעלאָפן צום זעקעלע און עס אויפגעהויבן. ער האָט אַ טאַפּ געטאָן, ערשט — עס ליגן דאָרטן עפּעס אַזוינע קליינע קיילאַכדיקע זאַכן.

„ניט קיין ברויט און ניט קיין טייטלען; — האָט ער אַ טראַכט געטאָן; — דאָס מוזן זיין קליינע יאַגעדעס. נאָר עס מאַכט ניט אויס: איך וועל דערמיט אויך קאָנען שטילן מיין הונגער ווי עס איז".

ער האָט מיט ציטערנדיקע הענט געעפנט דאָס זעקעלע. ער האָט אַ קוק געטאָן און אויסגעשריען: „וואָס פאַר אַן אומגליקלאַכער איך בין! ניט קיין יאַגעדעס זיינען דאָס, נאָר פערל!"

און ער האָט מיט צאָרן אַוועקגעשליידערט דאָס זעקעלע מיט די פערל.

1. לייען איבער די זאַך פאַר זיך און פאַר'ן קלאַס.

2. פאַרטייטש די פאָלגנדע ווערטער מיט אַנדערע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| געוואַנדערט | — אומגעגאַנגען | שטילן דעם הונגער | — ......... |
| וויסטעניש | — ............... | ציטערנדיקע | — .............. |
| אויסגעגאַנגען | — מער ניט געווען | צייכן | — ..................... |
| עסנוואַרג | — ............... | אַוועקגעשליידערט | — ........ |
| דורכפאָרער | — ............... | געטראַכט | — ................. |

3. דערציייל איבער מינדלאַך דאָס מעשה'לע (מאַיסעלע), אַזוי ווי דאָס וואָלט פּאַסירט מיט צוויי אַראַבער. הייב אָן אומגעפער אַזוי: צוויי אַראַבער זיינען געגאַנגען אין אַ וויסטעניש. זיי זיינען געווען זייער הונגעריק. שוין צוויי טעג ווי זיי האָבן גאָרנישט אין מויל ניט געהאַט ......

4. מאָל אָן: אַן אַראַבער אויף אַ קעמל אין אַ וויסטעניש; אָדער — דעם אַראַבער ביים ברונעם.

5. שרייב אָן, ניט קוקנדיק אין בוך, דאָס מעשה'לע (מאַיסעלע) אַזוי, ווי דער אַראַבער וואָלט דאָס אַליין דערציילט: הייב אָן

אומגעפער אזוי: אַן אַראַבער דערציילט: „איינמאָל האָב איך גע־וואַנדערט אין אַ וויסטעניש. שוין אַפּאָר טעג, ווי איך האָב גאָרנישט געגעסן, און איך בין געווען זייער הונגעריק“.

6. שרײַב אַרײַן אין העפט און פאַרגעדענק די פאָלגנדע שפּריכ־ווערטער:

1) אַז מ׳האָט נעכטן געגעסן, איז מען הײַנט ניט זאַט.
2) קײַן גאָלד עסט מען ניט.
3) קײַן געזאַנג גייט ניט אויף אַ הונגע־ריקן מאָגן.

וואָס אַלגעמיינס האָבן אָט די שפּריכווערטער מיט דעם מעשה׳לע (מאַיסעלע)?

7. שטעל צו „אַ“ אָדער „אַן“ צו די פאָלגנדע ווערטער: אַראַבער, וויסטעניש, עסנזאַך, טאָג, ברונעם, ענטפער, קעמל, טייטל, אויער, עפּל, יאַגעדע, יאָר, האַנט, דורכפאָרער.

8. שטעל צו „אַ“ אָדער „אַן“ צו די פאָלגנדע אויסדרוקן: הונגעריקער אַראַבער, אָרימער מענטש, העפלאַכער מאַן, ריכטיקער ענטפער, איבעריק מאָל, אומעטיק, ליד, שווערע אַרבעט, איבערגעגעבענער פרײַנד.

9. גערענק: מען שרײַבט: אַ איד, אַ אידענע, אַ אידיש קינד, אַ אינגל, אַ אינגערער ברודער.

10. שרײַב איבער די פאָלגנדע ווערטער מיט זייערע אַרטיקלען:

דער אַראַבער, דער טאָג, דער ברונעם, דער זאַמד, דער קעמל, דער טייטל, דער הונגער, דער פערל, דער צאָרן; די וויסטעניש, די זאַך, די יאַגעדע; דאָס עסנוואַרג, דאָס זעקעלע, דאָס ברויט.

11. באַמערק: איך שטיל מײַן הונגער. ווען? **איצט**. איך האָב געשטילט מײַן הונגער. — ווען **פריער**. איך וועל שטילען מײַן הונגער. — ווען? — **שפּעטער**.

12. שטעל אַוועק נאָך יעדן זאַץ (אויפ'ן אָרט פון די פּינטעלאַך) די ווערטער: איצט, פריער, אָדער שפּעטער.

**די זון איז אונטערגעגאַנגען (......). עס ווערט קילער (......). עס וועט ווערן פינסטער (......). די שטערן וועלן אַרויס אויפ'ן הימל (......). און אַראַבער האָט דערזען פון דערווייטנס אַ זעקעלע (......). ער טראַכט (......). איך וועל שטילן מײַן הונגער (......).**

13. גערעדנק: ווען אַ וואָרט באַווײַזט, אַז עפּעס וועט געטאָן ווערן אָדער וועט פּאַסירן שפּע- טער, זאָגט מען, עס איז אין דער שפּעטערדיקער אָדער אין דער **קומענדיקער** צײַט.

14. געדענק, ווי מען זאָגט אין דער קומענדיקער צײַט:

שרײַבן — איך **וועל** שרײַבן, דו **וועסט** שרײַבן, ער **וועט** שרײַבן; מיר **וועלן** שרײַבן, איר **וועט** שרײַבן זיי **וועלן** שרײַבן.

15. דאָס איז די קומענדיקע צײַט פון די ווערטער: **זײַן**, האָבן און לייענען:

| | | |
|---|---|---|
| איך וועל זײַן | איך וועל האָבן | איך וועל לייענען |
| דו וועסט זײַן | ד וועסט האָבן | דו וועסט לייענען |
| ער וועט זײַן | ער וועט האָבן | ער וועט לייענען |
| מיר וועלן זײַן | מיר וועלן האָבן | מיר וועלן לייענען |
| איר וועט זײַן | איר וועט האָבן | איר וועט לייענען |
| זיי וועלן זײַן | זיי וועלן האָבן | זיי וועלן לייענען |

16. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| קומענדיקע צײַט: | פאַרגאַנגענע צײַט: | איצטיקע צײַט: | |
|---|---|---|---|
| איך וועל וואַנדערן | איך האָב געוואַנדערט | איך וואַנדער | וואַנדערן |
| דו .............. | דו ................. | דו .......... | אויפהייבן |
| ער .............. | ער ................. | ער .......... | טראַכטן |
| מיר .............. | מיר ................. | מיר .......... | צולויפן |
| איר .............. | איר ................. | איר .......... | צוקומען |
| זיי .............. | זיי ................. | זיי .......... | זײַן |

17. שטרײַך אונטער מיט איין שטריכעלע די ווערטער, וואָס זײַנען אין דער איצטיקער צײַט, מיט צוויי — די, וואָס אין דער פאַרגאַנגענער צײַט, און מיט דרײַ — די, וואָס אין דער קומענדיקער צײַט:

## אַ גוטער דאָקטער.

מאַמע זאָגט, כ׳וועל זײַן אַ דאָקטער.
כ׳וויל ניט, איכ׳ל דאָס ניט זײַן.
ווײַל אַ דאָקטער איז אַ שלעכטער,
נאָר ער קוקט אין האַלז אַרײַן.
און אין בעטל הייסט ער ליגן,
ווען די זון אין דרויסן שײַנט;
קאָן מען זיך אין בעט ניט שפּילן.
כ׳האָב דערפאַר דעם דאָקטער פײַנט.
אויב כ׳וועל מוזן זײַן אַ דאָקטער,
איך אַ גוטער דאָקטער זײַן.
איכ׳ל הייסן אַלע קינדער
גיין אין דרויסן, שפּילן פײַן.
טשאָקאָלאַד וועל איך הייסן עסן,
וויפיל יעדער אינגל וויל.
אַלע קינדער וועל איך נעמען
אין מײַן „אויטאָביל“ אַרײַן.

18. שטעל אַרײַן אין די פֿאָלגנדע זאַצן דאָס פּאַסיקע וואָרט אויף'ן אָרט פֿון די פּיל פּינטעלאַך:

אַן אַראַבער ...... געוואַנדערט. ער ...... געווען הונגעריק. ער ...... צוויי טעג ניט געגעסן. אויף'ן דריטן טאָג ...... ער צוגעקומען צו אַ ברונעם. ער ...... דאָרטן דערזען אַ זעקעלע. ער ...... געטראַכט: דאָס ...... ברויט. ער ...... צוגעלאָפֿן צום זעקעלע. ער ...... געעפֿנט דאָס זעקעלע. ער ...... דערזען — דאָרט ........ פּערל. ער ........ אַוועקגעשלײַדערט דאָס זעקעלע.

19. לייען איבער די פֿאָלגנדע שורות (שורעס). דערנאָך שרײַב זיי איבער און שטעל אַרײַן דעם פּאַסיקן בוכשטאַב אויף'ן אָרט פֿון יעדן פּאַסיק.

—ין אַ— —ינדיש שטעטל —יז געווע— אַ ה—מיי־שער העלפֿאַנד. —עדן טאָג פֿלעגט ער דורכגיי— —יבער—ן מאַרק —ויף אַרבעט.

—ויפֿ—ן מאַרק —יז געווע— אַ הענדלער— מיט גרינס. זי פֿלעגט דע— העלפֿאַנד אָפֿט צו—וואַרפֿ— אַ— עפּל, אַ ביסל גרינס.

—יינמאָל —יז דער העלפֿאַנד ז—ער ב—ז געוואָר— אוי— זײַ— באַלעבאָס. ער האָט זי— —יסגערים— —ון —יז אַוועקגעלאָפֿ— —יבער— — שטעטל. ער—ט געבראָכ— —ון געשטאָכ— אַל—, וואָס ער האָט גע־טראָפֿ— —ויף זײַ— וועג. ער האָט —ומגעוואָרפֿ— קאַסטנס —ון מולטערס, געשלאָג— מענ—ן. די מענ—ן האָב— זי— —ין גר—ם שרעק צעלאָפֿ—, וו—והי— די —ויג— טראָג—.

אַ אָ א ב ג ד ה ו וו וי ח ט י כ ך
ל מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ ץ ק ר ש ת

# לעקציע 21

## מאַרש - ליד.

אײנס און צװײ און דרײַ און פיר.
װאָס מיר זײַנען, זײַנען מיר!
כאָטש מיר זײַנען יונג און קלײן,
װי די העלדן דאַרף מען גײן.

פינף און זעקס און זיבן, אַכט.
נישט געװײנט און נישט געלאַכט!
נישט געשטאַנען, נאָר נישט שטײן!
נישט געלאָפן; גײן נאָר גײן!

נײַן און צען און עלף און צװעלף.
טרעפסט אַ פֿײער, זאָג: „גאָט העלף!“
לױפט אַ פֿױגל, זאָג אים: „פֿלי!“
טרעפסט אַ בלימל, זאָג אים: „בלי!“

(י. קאַצענעלזאָן)

1. לייענ דורך דאָס ליד שטילערהייט צוויי — דריי מאָל. זאָל איינ קינד דורכלייענענ דאָס נאָכדעם פאַר'ן קלאַס. קוק זיך צו, ווי דאָס ליד איז געבויט: די ערשטע שורה (שורע) פונ יעדנ פערז הייבט זיך אָנ מיט די צאָלנ: פונ 1 ביז 4, פונ 5 ביז 8 אונ פונ 9 ביז 12. קוק זיך אויך צו צו די גראַמענ.

2. זאָלנ אַלע קינדער צוזאַמענ איבערלייענענ דאָס ליד פאַר'ן קלאַס. זאָלנ די קינדער דערנאָך איבערלייענענ דעם ערשטנ פערז פאַר זיך אַ פּאָר מאָל, אונ זאָל דערנאָך דער לערער בעטנ איינ קינד זאָגנ דעם פערז אויף אויסווייניק. דאָס זעלבע דערנאָך מיט'נ צווייטנ פערז אונ מיט'נ דריטנ. זאָלנ דערנאָך אַלע קינדער צוזאַמענ זאָגנ דאָס ליד אויף אויסווייניק.

3. שרייב אָנ די צאָלנ פונ איינס ביז צוואַנציק אַזוי: א י נ ס, צ ו ו י י, ד ר י י, ........

4. שרייב אָנ די צענדליקער פונ צענ ביז הונדערט אַזוי: צ ע נ, צ ו ו אַ נ צ י ק, ד ר י י ס י ק, ..........

5. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| ווי פיל? | | דער וויפילטער? |
|---|---|---|
| איינס | — | דער ערשטער |
| צוויי | — | דער צווייטער |
| דריי | — | דער דריטער |
| פיר | — | דער פערטער |
| פינף | — | .................. |
| זעקס | — | .................. |
| זיבנ | — | .................. |
| אַכט | — | .................. |
| ניינ | — | .................. |
| צענ | — | .................. |
| עלף | — | .................. |
| צוועלף | — | .................. |

6. באַמערק: צו באַקומען די צאָל אויף דער פראַגע: „דער וויפילטער?" — דאַרף מען צוגעבן צו דער צאָל אויף דער פראַגע „וויפיל?" די ענדונג „טער": פינף — דער פינפטער; אָבער: איינס — דער ערשטער; דריי — דער דריטער און פיר — דער פערטער.

7. דאָס זיינען די נעמען פון די מאָנאַטן פון יאָר אין אַן אָרדענונג:
1. יאַנואַר, 2. פעברואַר, 3. מאַרט, 4. אַפּריל, 5. מאַי, 6. יוני, 7. יולי, 8. אַווגוסט, 9. סעפּטעמבער, 10. אָקטאָבער, 11. נאָוועמבער, 12 דעצעמבער.

8. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | | |
|---|---|---|---|
| יאַנואַר | — | איז דער ערשטער | מאָנאַט. |
| פעברואַר | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |
| מאַרט | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |
| אַפּריל | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |
| מאַי | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |
| יוני | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |
| יולי | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |
| אַווגוסט | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |
| סעפּטעמבער | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |
| אָקטאָבער | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |
| נאָוועמבער | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |
| דעצעמבער | — | איז דער .......... | מאָנאַט. |

9. דאָס זיינען די נעמען פון די טעג פון וואָך אין דער אָרדענונג:
1. זונטיק, 2. מאָנטיק, 3. דינסטיק, 4. מיטוואָך, 5. דאָנערשטיק, 6. פרייטיק, 7. שבת (שאַבעס).

10. לערן אויס אויף אויסווייניק דאָס פאָלגנדע פאָלקס-לידל:

**זונטיק בולבע, מאָנטיק בולבע,**
**דינסטיק און מיטוואָך בולבע,**
**דאָנערשטיק און פרײַטיק בולבע.**
**שאַבעס אין אַ נאָווינע אַ בולבע־קוגעלע,**
**זונטיק ווידער בולבע.**

ווייסטו — וואָס מיינט דאָס לידל? ווער זינגט דאָס לידל? — א רײַכער מאַן?

11. מאַך פאָלגנדע איבונג:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| העלפן | — | העלף! | טרעפן | — | .......... |
| פליען | — | פלי! | לויפן | — | .......... |
| בליען | — | .......... | שלאָפן | — | .......... |
| שטיין | — | .......... | שרײַבן | — | .......... |
| גיין | — | .......... | לאַכן | — | .......... |
| וויינען | — | .......... | מאַכן | — | .......... |

12. <u>באַמערק:</u> די פאָרם העלף! פלי! גיי! באַווײַזט, אַז **מ׳הייסט** איינעם עפּעס טאָן אָדער **מ׳באַפעלט** אים עפּעס טאָן. די פאָרם הייסט די **„באַפעל-פאָרם“.**

13. שטעל אין באַפעל-פאָרם פאָלגנדע ווערטער: זיצן, קומען, כאַפּן, לייענען, רופן, ברעכן, שניצן, נייען.

14. באמערק דעם צייכן (!), וואס איז פאראן אינעדע פון עטלאכע זאצן פון „מארש-ליד". אט דער צייכן שטייט נאך זאצן, וואס דריקן אוים א באפעל אדער אן אויסרוף. ער הייסט: **אויסרופ-צייכן.**

15. שטעל אוועק דעם פאסיקן צייכן (.), (?) אדער(!) אין ענדע פון די פאלגנדע זאצן:

אײנס און צוויי איז דריי
איז דריי און פינף אכט
ווילסט זיך אויסלערנען רעכענען
מאך רעכן-איבונגען יעדן טאג
נישט געשטאנען, נאר ניט שטיין
נישט געלאפן, גיין, נאר גיין
יאנואר איז דער ערשטער מאנאט פון יאר
און דער ווי פילטער מאנאט איז מאי
א, ווי שווער עס איז צו געדענקען אלע
מאנאטן פון יאר
עס איז גאר ניט אזוי שווער

16. ווען מ'רעדט צו אײנעם, זאגט מען: העלף! גיי! שטיי!
ווען מ'רעדט אבער צו צוויי אדער צו מער זאכן, זאגט מען:
העלפט! גייט! שטייט! — וואס לייגט מען דערביי צו?

17. מאך פאלגנדע איבונג:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| **פרעגן** | -פרעג!, פרעגט! | **זיצן** | -......... | ....... |
| **ברענגען** | -......... | ........... | **לייענען** | -......... | ....... |
| **שענקען** | -......... | ........... | **טרעפן** | -......... | ....... |
| **לויפן** | -......... | ........... | **זאגן** | -......... | ...... |
| **קויפן** | -......... | ........... | **זיין** | -......... | ....... |

18. עס איז פאַראַן אַ ליד וואָס הייסט „צען ברידער". דער ערשטער פערז פון ליד איז:

צען ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט לײַן;
איינער איז פון אונז געשטאָרבן,
איז געבליבן נײַן.

די ווײַטערדיקע פערזן גייען אויף דעמזעלבן שטייגער, נאָר אַנשטאָט אָנצוהייבן זיך מיט צען, הייבן זיי זיך אָן מיט „נײַן". דערנאָך מיט „אַכט, זיבן, זעקס" א. א. וו. און צוליב גראַמען (ווי לײַן — צו נײַן) קומען פראַכט פאַר אַכט, ריבן פאַר זיבן, געבעקס פאַר זעקס, שטרימף (זאָקן) פאַר פינף, ביר פאַר פיר, בלײַ פאַר דרײַ, היי פאַר צוויי, און ביינער פאַר איינער.

שרײַב אָן דאָס גאַנצע ליד, נוצנדיק די אָנגעגעבענע גראַמען; און אויב דו ווילסט, גיב אַנדערע ווערטער, וואָס זאָלן זיך גראַמען מיט אַכט, זיבן, זעקס א. ד. ג.

19. לייען נאָך אַ פּאָר מאָל איבער דאָס „מאַרש-ליד"; זע, דו זאָלסט דאָס קאָנען גוט אויף אויסווייניק. דערנאָך שרײַב דאָס אָן אויסווייניק, ניט קוקנדיק אין בוך.